## Gerechtigkeit (Vol. 21, Iss. 9)

### Keywords
International Ladies' Garment Workers' Union, ILGWU, Gerechtigkeit, labor unions, clothing workers, textile workers, garment workers, garment industry, New York, United States, Yiddish, Jewish

### Comments
*Justice* was the official publication of the International Ladies' Garment Workers' Union ILGWU from 1919 to 1995. Editions of *Justice* were published in English, Italian, Spanish, and Yiddish. When compared side by side, the content of some of these different editions of *Justice* shows significant differences. *Gerechtigkeit* was the Yiddish-language edition of *Justice*.

# „פּינס און נידעלס" פאַר פולע הייזער אויף בראָדוועי

## „ביליגע פרייזען זיינען נויטיג אום צו מאַכען טעאַטער צוגענגליך פאַר'ן ברייטען עולם", ערקלערט לואיס שייפער, דירעקטאָר פון „לייבאָר סטיידזש", אין אַן אינטערוויו

„פינס און נידעלס 1939" ווערט געשפילט אין דעם נייעם, פיל גרעסערען ווינדזאָר טעאַטער פאַר געפּאַקטע הייזער. ביי דער ערשטער פאָרשטעלונג, מאָנטאָג, דעם 26טען יוני, זיינען ניט נאָר אַלע 885 פלעצער געווען פאַרנומען, נאָר מענשען זיינען אויך געשטאַנען. די ערשטע וואָך פאָרשטעלונגען אין דעם נייעם פלאַץ האָט באַוויזען, אַז די געוואַגטע אונטערנעמונג פון דער פאַרוואַלטונג צו עפענען דעם נייעם טעאַטער מיט צוויי מאָל אַזויפיל פלעצער ווי אין לייבאָר־סטיידזש אין די זומער־מאָנאַטען איז אַן אויסערגעוויינליכער ערפאָלג.

אין אַן אינטערוויו מיט לואיס שייפער, דירעקטאָר פון דער קולטור־אָפּטיילונג פון דער אינטערנעשאָנאַל, וועלכער פאַרוואַלטעט דעם לייבאָר סטיידזש, האָט ער ערקלערט, אַז דער פלאַן צו פאַרקלענערען די פרייזען פאַר טיקעטס איז שוין ביי אים ניט קיין נייער. ער האָט דאָס געפלאַנעוועט שוין לאַנג צוריק. נאָר אין דעם פריהערדיגען פלאַץ איז די צאָל פלעצער געווען אַזוי קליין, אַז מען האָט עס פינאַנציעל ניט געקענט טאָן. איצט אָבער, אין דעם גרעסערען טעאַטער, איז מעגליך געוואָרען דעם פלאַן דורכצופירען.

„די צרה מיט די טעאַטער פאַרוואַלטער, — האָט שייפער ערקלערט, — איז דאָס וואָס זיי ווילען ניט איינזען, אַז דער טעאַטער גייט דורך אַ קריזיס צוליב די הויכע פרייזען. זיי האָבען נאָך אַלץ אין זינען דעם טעאַטער־גייער וועלכער קען זיך פאַרגינען צו קומען אין טעאַטער אין אַ לימוזין. אום צו קריגען דעם עולם צו פּאַטראָניזירען דעם טעאַטער, מוז מען אים מאַכען צוגענגליך פאַר די וואָס פאָרען מיט דער סאָבוויי. פאַר'ן ברייטען עולם, וואָס קען זיך ניט פאַרגינען צו צאָלען הויכע פרייזען. דער בעסטער באַווייז דערפאַר איז דער גרויסער ערפאָלג פון די מואוויס. אין דער צייט וואָס דער טעאַטער פוסטעוועט, זיינען די מואווי הייזער געפּאַקט, ווייל זייערע פרייזען זיינען צוגענגליך. דאָס איז שוין אָנערקענט געוואָרען סיי פון די שוי־שפּילער און סיי פון אַנדערע וואָס זיינען פאַרבונדען מיט'ן טעאַטער. די איינציגע וואָס ווילען עס נאָך ניט איינזען זיינען די פּראָדיוסערס.

„אונזער טעאַטער, דער לייבאָר סטיידזש, איז ניט אָרגאַניזירט געוואָרען פאַר פּראָפיטען, נאָר פאַר קולטור־צוועקען. עס איז דאָס אייגענטום פון דער אינטערנעשאָנאַל און קען זיך דעריבער ערלויבען אויסצופּרובירען אָט די מיינונג אין דער פּראַקטיק. דער ערפאָלג וואָס מיר האָבען אין דעם נייעם ווינדזאָר טעאַטער, וואו מיר שפּילען פאַר געפּאַקטע הייזער, כאָטש דער טעאַטער האָט צוויי מאָל אַזוי פיל פלעצער ווי דער פריהערדיגער לייבאָר סטיידזש טעאַטער אויף 39טע סטריט האָט געהאַט, באַווייזט די ריכטיגקייט פון דער באַהויפּטונג".

ווינדזאָר טעאַטער, וואו „פינס און נידעלס" ווערט איצט געשפּילט, געפינט זיך אין רעכטען האַרצען פון טעאַטער דיסטריקט, אויף 48טער סטריט און בראָדוויי. די פרייזען פאַר טיקעטס זיינען פאַר מאַטינע פאָרשטעלונגען פון 40 סענט ביז 1 דאָלאַר. פאַר אָוונט־פאָרשטעלונגען זיינען די פרייזען פון 55 סענט ביז 1 דאָלאַר מיט 65 סענט.

## קאָנפערענץ פון דער קולטור־אָפּטיילונג דעם 10טען סעפּטעמבער

דער 1939—1940 סעזאָן פון דער קולטור־אָפּטיילונג פון דער אינטערנעשאָנאַל וועט ערעפענט ווערען מיט אַ קאָנפערענץ פון דעלעגאַטען פון אַלע קולטור־גרופּען און פאַרטרעטער פון אַלע ניו יאָרקער לאָקאַלס. דער קאָנפערענץ וועט געהאַלטען ווערען זונטאָג, דעם 10טען סעפּטעמבער, נאָך לייבאָר דעי, אין ווינדזאָר טעאַטער. ביים קאָנפערענץ וועלען דיסקוטירט ווערען פּלענער פאַר אַ גרויסער אויסברייטערונג פון דער קולטור טעטיגקייט.

איינע פון די פלענער וואָס וועלען דיסקוטירט ווערען ביי דער קאָנפערענץ וועט זיין וועגען אַ פלאַן צו קאָאָרדינירען די אַרבייט פון די ניו יאָרקער גרופּען מיט די גרופּען אין לאָס אַנדזשעלעס, שיקאַגאָ, סיינט לואיס און אַנדערע שטעט איבער'ן לאַנד.

## פאָנאָגראַף רעקאָרד פון „רויטען מיקאַדאָ"

אויפ'ן פאַרלאַנג פון אַ גרויסער צאָל מיטגלידער, איז געמאַכט געוואָרען אַ רעקאָרד פון דעם „רעד מיקאַדאָ", די פּאָליטישע סאַטירע פון „פינס און נידעלס", וואָס איז אַ פּאַראָדיע אויף גילבערט און סאַליוואַנס שפּיל „מיקאַדאָ", וואָס האָט אַזוי שטאַרק אויסגענומען ביים עולם. דעם רעקאָרד וועט מען קענען קויפען אין די לאָקאַלס אויף ספּעציעל נידעריגע פרייזען אַרום סוף אויגוסט.

## נאָך אַ נייער נומער אין „פינס און נידעלס"

„פינס און נידעלס", וועלכע האַלט זיך כסדר אין איין באַנייען, האָט צוגעקראָגען נאָך אַ נייעם, זייער געלונגענעם נומער אונטער דעם ביבלישען נאָמען „מני מני תקל", באַגרינדעט אויף דער לעגענדע אין תנ"ך וועגען דער האַנט, וואָס האָט אָנגעזאָגט דעם קעניג פון פרס, אַז זיין סוף איז נאָענט, דורך אַ האַנטשריפט אויף דער וואַנט. די ווערטער און מוזיק פון דער ליד איז פאַרפאַסט פון העראָלד דזש. ראָם און ווערט געזונגען פון דאָראָטהי סטענלי פון לאָקאַל 38.

# אין יוניאָן העלטה סענטער

### פון פּאָלין מ. ניומאַן

היט זיך פאַר „באַרגיינס"!



ורך דער „ניו יאָרק מעדיקאַל וויקלי", דער אָפיציעלער אָרגאַן פון דער מעדיצינישער געזעלשאַפט פון ניו יאָרק קאַונטי, ערפאַרען מיר, אַז זינט עס איז אָנגענומען געוואָרען דער געזעץ וואָס ערלויבט פּריוואַטע גרופּען אָרגאַניזירען מעדיצינישע באַוואָרגונג אויף אַ פּריוויליגען געביט (אָפּגעזונדערט פון די געזעלשאַפטען וואָס באַוואָרגען מיט האָספּיטאַל דינסט), קומען אויף אין ניו יאָרק אַ סך גרופּען וואָס שלאָגען פאָר גרויסע „מציאות" אין מעדיצינישער באַוואָרגונג. מיר שוידערען ווען מיר דערמאָנען זיך וועגען די מענשען, מערסטענס אָרימע לייט, וואָס וועלען פאַרנאַרט ווערען פון די באַרגיינס און וועלען נאָכדעם ליידען. עס איז אַ פאַקט, אַז מיר האָבען שוין ערהאַלטען אָנפראַגען פון פריינד פון דעם יוניאָן העלטה סענטער, וועלכע פרעגען אונז אויב דער אָדער יענער פלאַן וואָס אַ געוויסע גרופּע שלאָגט זיי פאָר איז גוט אָדער שלעכט. אַ פּרעזידענט פון אַ לאָקאַל יוניאָן, וועלכער איז אַן איבערגעגעבענער פריינד פון יוניאָן העלטה סענטער, האָט אונז צוגעשיקט אַ גאַנצען בינטעל בריוו פון פאַרשידענע גרופּען, וועלכע פאַרשפּרעכען זיינע מיטגלידער יעדען סאָרט מעדיצינישע אויפּפּאַסונג פּאַקטיש אומזיסט. איינע פון אָט די גרופּען האָט אַפילו ניט קיין נאָמען פון אַ דאָקטאָר אויף אירע לעטער־העדס. עס האָט געדאַרפט זיין די אויפגאַבע פון דער מעדיצינישער פּראָפעסיע, פון דער אַקאַדעמיע, אונטערצוזוכען אָט די גרופּען און וואָרענען דעם עולם, איבערהויפּט דעם אַרבייטער עולם. די מיטגלידער פון אונזער אינטערנעשאָנאַל משפחה דאַרפען זיכער ניט זוכען און ניט אָנגעמען ניט־געבעטענע סקימס פאַר מעדיצינישער באַהאַנדלונג. אויב זיי ווילען אָדער נויטיגען זיך אין אַן עצה אָדער אינפאָרמאַציע איבער געזונט פראַגען וועט עס זיי דער יוניאָן העלטה סענטער גערן געבען. איך האָף אַז די באַטרעפענדע וועלען זיך צוהערען צו דער וואָרנונג.

### לאָקאַלס 10 און 142 פלאַנעווען קראַנקען בענעפיט

די עקזעקוטיוו באָאַרד פון דער קינסטליכער בלומען אַרבייטער יוניאָן לאָקאַל 142 האָט באַשטימט אַ קאָמיטע צו שטודירען די ראַטזאַמקייט פון נאָכטאָן דעם ביישפּיל פון אַנדערע לאָקאַלס און איינשטעלען אַ קראַנקען בענעפיט פאָנד. מיר זיינען זיכער, אַז די קאָמיטע וועט ברענגען אַ גינסטיגען באַריכט צום נעקסטען מיטינג פון די מיטגלידער, ווייל מיר ווייסען וואָס אַזאַ פאָנד האָט געטאָן פאַר די מיטגלידער פון די אַנדערע לאָקאַלס וואָס האָבען עס איינגעפירט.

אויך די קאַטערס יוניאָן לאָקאַל 10, אונטער דער פירערשאַפט פון ברודער נאַגלער, באַטראַכט איצט די פראַגע פון אויסברייטערען זייער טובערקולאָזיס בענעפיט פאָנד איינצושליסען אויך אַנדערע קראַנקהייטען. אַ קאָמיטע פון לאָקאַל אַרבייט איצט אויף אַ באַריכט וואָס וועט צוגעשטעלט ווערען צו אַ מיטגלידער פאַרזאַמלונג אין דער נאָענטער צוקונפט. לאָקאַל 10 האָט שוין יאָרען לאַנג אַ טובערקולאָזיס בענעפיט פאָנד, אָבער עס האָט ביז איצט ניט קיין אַלגעמיינע געזונדהייטס פאַרזאָרגונג פאַר די מיטגלידער ווי עס האָבען מאַנכע אַנדערע לאָקאַלס פון דער אינטערנעשאָנאַל. מיר באַגריסען ברודער נאַגלער פאַר זיין מי צו לייזען די פראַגע פון מעדיצינישער באַוואָרגונג פאַר די מיטגלידער פון זיין יוניאָן.

## אַן איבערגעאיילטער באַשלוס

(שלוס פון זייט 21)

דער כח פון דער אָרגאַניזאַציע ליגט אין אירע מיטגלידער און פון דעם צוטרוי וואָס די מיטגלידער האָבען צו די אָנפירער. און צוטרוי קויפט מען ניט, נאָר מען פאַרדינט עס דורך פעהיגקייט, איבערגעבענהייט און אויפריכטיגער באַציהונג צו די טאָג טעגליכע אינטערעסען פון די מיטגלידער. און אויף וויפיל עס פעלען די אָנגעוויזענע עלעמענטען אין אַ יוניאָן, אויף אַזוי פיל ווערט דער כח פון דער יוניאָן אָפּגעשוואַכט. עס זאָל זיין קלאָר, דאָס דורך דעם וואָס ברעסלאַו האָט באַזייטיגט לאָקאַל 117 פון אַזאַ פּאָזיציע, צו וועלכער דער לאָקאַל איז צוגעפּאַסט, ווי פריער אָנגעוויזען, צוליב אינדוסטריעלע און אָרגאַניזאַציאָנעלע אומשטענדען, און האָט „אויפגעשטעלט" זיינעם אַ מענשען אָן וועלכער עס איז גרינדליכער באַרעכטיגונג, האָט ברעסלאַו דערמיט אָפּגעשוואַכט דעם צוטרוי פון די מיטגלידער צו דער יוניאָנ'ס אָנפירער, וואָס עס מיינט, באַדייטענד אָפּגעשוואַכט דעם כח פון אונזער דזשאָינט באָאַרד.

איך רעזומיר. דער אַקט מיט'ן אויפנעמען פון אונזער לאָקאַל דעם „דזשאָבערס־אַמעריקען סי" דעפּאַרטמענט איז ניט קיין באַרעכטיגטער פון אינדוסטריעלע און אָרגאַניזאַציאָנעלע שטאַנדפּונקטען. עס איז אַן אומפריינדליכער אַקט געגען אונזער לאָקאַל.

עס איז ניט־יוניאָן מעסיג, ווייל די מערסטע מאָטיוון זיינען ניט קיין יוניאָן־מעסיגע. עס שטעלט אין געפאַר די קאָנדיציאָנען פון אונזערע אַרבייטער אין יענע שעפּער. עס פירט צו צאָנקערייען און כאַאָס. עס שטעלט פּאָליטישע מאַניפּולאַציעס און אַמביציעס פון יחידים העכער און וויכטיגער ווי די אינטערעסען פון די מיטגלידער. עס שטעלט אַוועק אַ שרעקליך ברוטאַלען פּרעצעדענט, אַז „מאַכט איז רעכט".

עס שטעלט אַוועק לאָקאַלען פּאַטריאָטיזם העכער ווי די אָרגאַניזאַציע אַלס אַ גאַנצע. דאָס אַלעס מוז פירען צו דער אָפּשוואַכונג פון אונזער יוניאָן און עס שפּילט אַריין אין די הענט פון אונזערע שונאים.

צום סוף. כאָטש די דזשאָינט באָאַרד האָט שוין באַשלאָסען געגען אונז, דאָך גלויב איך אַז עס קען געפונען ווערען אַ ווירדיגער אויסוועג, אום קיינעם ניט צו באַליידיגען, צו רעוויזירען דעם איבערגעאיילטען באַשלוס. זאָל נאָר דער ניט באַגרינדעטער געפיל פון כעס געגען אונז, ווי אויך די מורא, קיינעם ניט פאַרבלענדען.

GERECHTIGKEIT
A LABOR JOURNAL
Published every month by the
*International Ladies' Garment Workers' Union*

Office of Publication:
718 Bergen Ave., Jersey City, N. J.
General Office:
3 West 16th St., N. Y. C. Tel. WAtkins 9-[illegible]

DAVID DUBINSKY, President
and General Secretary-Treasurer
DR. B. HOFFMAN, Editor

Subscription price, paid in advance, $1.00 per year.

Vol. XXI. No. 8 [illegible] August, 1939

Entered as Second Class Matter, August 7, [illegible] at Post Office at Jersey City, N. J., under the Act of August 4, 1912. Accepted for mailing at special rate of postage, provided for in Section 1103, Act of Oct. 3, 1917, authorized on Jan. [illegible], [illegible].

# GERECHTIGKEIT (*Justice*)

# גערעכטיגקייט

**Volume XXI. No. 9** | **Jersey City, N. J., September, 1939** | **Price 10 Cents**


## לעיבאר־דעי

באגעגענט די אמעריקאנער ארבייטערשאפט דעם הײ־יאריגען „לעיבאר דעי" מיט א פרעהליכערען געמיט און מיט בעסערע האפנונגען?

באהויפטונגען און פארזיכערונגען קומען פון פארשידענע זייטען וועגען פארבעסערונגען אין דער עקאנאמישער לאגע. עס איז אבער ניט באשטימט אויב די פארבעסערונגען זיינען בלויז פאר די באלעבאטים אדער אויך פאר די ארבייטער.

אז די צייטען זיינען בעסער פאר די באלעבאטים איז קיין צווייפעל ניט. מען דארף בלויז לייענען די באריכטען וועגען די גרויסע פראפיטען פון פארשידענע קאמפאניס, קארפארײשאנס און איינצעלנע אונטערנעמער און עס איז זיך לייכט צו איבערצייגען, אז עס איז זיי גוט. עס איז שוין לאנג זיי אזוי גוט ניט געווען. עס איז אבער גאר ניט באשטימט, אויב אויך פאר די ארבייטער איז בעסער געווארען. אין איינצעלנע פאלען, אין מאנכע אונטערנעמונגען געניסען אפשר אויך די ארבייטער עפעס פון דער גרויסער פראספעריטי פון זייערע באלעבאטים, אבער די פראגע איז וועגען דער אמעריקאנער ארבייטערשאפט אין אלגעמיין; ניט וועגען די טויזענדער נאר וועגען די מיליאנען.

סטענלי באלדווין, דער געוועזענער פרעמיער מיניסטער פון ענגלאנד, וועלכער האט די טעג באזוכט אמעריקע, האט ביי זיין אנקומען ערקלערט, אז די וויכטיגסטע פראגע היינט פאר אלע ציוויליזירטע לענדער איז די ארבייטער פראגע, צי עס וועט זיין מלחמה אדער פרידען, די ארבייטער־פראגע בלייבט אלץ די וויכטיגסטע.

עס איז ניט וויכטיג ווי אזוי סטענלי באלדווין דענקט די ארבייטער פראגע צו לייזען. מען קען וועגען אים, דעם אלטען פירער פון דער ענגלישער קאנסערוואטיווער פארטיי, אבער זאגען, אז ער איז א סך פראגרעסיווער פון מאנכע פירער פון דער אמעריקאנער דעמאקראטישער פארטיי, ווייל ער פארשטעהט און באגרייפט וואס עס איז די וויכטיגסטע פראגע פון אונזער צייט. בעת זיי פארשטעהען עס ניט. זיי האבען עס אמבעסטען און אמקלארסטען באוויזען אין דער לעצטער זיצונג פון קאנגרעס. און די ארבייטער פראגע אין אמעריקע איז איצט א סך שארפער ווי אין ענגלאנד, ווייל אמעריקע האט אין פראפארציע א סך א גרעסערע ארבייטסלאזע ארמיי ווי ענגלאנד. און ווען עס רעדט זיך וועגען דער ארבייטער פראגע איז דאך היינט די צען־מיליאניגע ארמיי פון ארבייטסלאזע אין אמעריקע עטוואס אזוינס, וואס דארף באאומרואיגען אפילו די גרעסטע רעאקציאנערען אין דער אמעריקאנער פאליטיק.

און ווען מען רעדט וועגען א פארבעסערונג אין דער עקאנאמישער לאגע מוז מען דאך פריער ווי אלץ שטעלען די פראגע: וואס הערט זיך מיט דער ארבייטסלאזער ארמיי? איז זי געווארען קלענער? און אויב יא, אויף וויפיל?

פארלויפיג איז די ארמיי פון ארבייטסלאזע נאך אלץ ריזיג גרויס. און אויב זי איז אין דער לעצטער צייט עפעס קלענער געווארען איז דאס אויף אזוי ווייניג, אז מען פילט עס קוים. פרעזידענט רוזוועלט'ס פראגראם פון „לענדינג ענד ספענדינג", ווי מען האט עס א נאמען געגעבען, וואס האט געהאט דעם צוועק צו שאפען מער ארבייט, איז פון קאנגרעס צוריקגעוויזען געווארען, אבער קיין אנדער פראגראם, וואס זאל שאפען ארבייט פאר די ארבייטסלאזע, האט דער קאנגרעס ניט פארגעשלאגען.

די לעצטע זיצונג פון קאנגרעס איז אין אלגעמיין געווען אן ארבייטער־פיינדליכע. אונטער דער גאנצער צייט, וואס רוזוועלט איז פרעזידענט, איז נאך אין קאנגרעס ניט אנגעפירט געווארען אזא שטארק ארגאניזירטער ארבייטער־פיינדליכער קאמף, ווי אין דעם יאר. דאס מיינט צו זאגען, אז די פיינד פון די ארבייטער אין אלגעמיין האבען זיך שטארקער ארגאניזירט און זוכען צו פארניכטען, אדער ווייניגסטענס צו פארקריפלען די ארבייטער רעפארמען, וואס זיינען אין די לעצטע יארען איינגעפירט געווארען אין דער אמעריקאנער געזעצגעבונג.

נאר וואס טוען די ארבייטער צו באשיצען זייערע רעכטען און די פארבעסערונגען וואס זיי האבען געוואונען?

די אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג איז צושפאלטען און פירט אן א ברודער־קאמף. דאס שוואכט אפ איר קראפט ניט בלויז אין איר קאמף מיט די באלעבאטים אויף דעם עקאנאמישען פעלד, נאר עס פאראליזירט איר פאליטישען איינפלוס אין לאנד. ווען די אמעריקענער ארבייטער באוועגונג וואלט געווען פאראייניגט וואלטען די רעאקציאנערע כוחות איבער'ן לאנד זיך ניט אזוי צוהוליעט אין דער לעצטער צייט.

אבער אויב די שטרייטענדע צדדים אין דער אמעריקאנער ארבייטערשאפט האבען ביז היינט נאך ניט געקענט געפינען א וועג ווי צו שאפען שלום אין דער טרייד־יוניאן באוועגונג און אנצופירען מיט פאראייניגטע כוחות זייער עקאנאמישען קאמף, האבען זיי ווייניגסטענס געדארפט געפינען א וועג ווי צו דעמאנסטרירען די ארבייטער כוחות געגען דער קאנצענטרירטער פאליטישער רעאקציע, וואס האט זיך לעצטענס געשאפען אין לאנד און וואס שטעלט אין געפאר ניט בלויז דעם ווייטערדיגען פראגרעס פון דער סאציאלער געזעצגעבונג, וואס האט זיך אנגעפאנגען אונטער רוזוועלט'ס אדמיניסטראציע, נאר עס באדראהט אויך די רעפארמען וואס זיינען שוין איינגעפירט געווארען.

די אמעריקען פעדערײשאן אוו לייבאר האט דא ניט לאנג צוריק געוויזען, אז זי האט גענוג איינפלוס אויף די מיטגלידער פון אירע יוניאנס זיי ארויסצורופען אין גאס דעמאנסטרירען זייערע כוחות. דאס איז געווען אין פארבינדונג מיט דער קאנווענשאן פון דער ניו יארקער סטייט פעדערײשאן אוו לייבאר. עס איז געווען איינע פון די גרעסטע און איינדרוקספולע ארבייטער דעמאנסטראציעס, וואס ניו יארק האט געזעהן. און אויב דאס קען געטאן ווערען לכבוד א קאנווענשאן, פארוואס זאל עס ניט קענען געטאן ווערען לכבוד לייבאר דעי? א גרויסע ארבייטער דעמאנסטראציע לכבוד לייבאר דעי וואלט האבען א פיל גרעסערע באדייטונג ווי א דעמאנסטראציע לכבוד א קאנווענשאן.

און ווען עס רעדט זיך וועגען ארבייטער דעמאנסטראציעס לכבוד לעיבאר דעי איז עס ניט בלויז אין ניו יארק, נאר איבער'ן גאנצען לאנד. און פאר אזעלכע לייבאר דעי דעמאנסטראציעס וואלט אפשר געקענט אפגעשאפט ווערען די מחיצה צווישען די יוניאנס פון דער א. פ. אוו ל. און פון דער סי. אי. א. אין דעם טאג האט די גאנצע אמעריקאנער ארבייטערשאפט געקענט מארשירען און דעמאנסטרירען צוזאמען. די באדייטונג פון אזא דעמאנסטראציע וואלט געווען פון אן אומגעהויער גרויסער באדייטונג.

ארבייטער דעמאנסטראציעס, ארבייטער פאראדען לכבוד לעיבאר דעי וואלטען צוריק געמאכט לעיבאר דעי פאר דעם ווירקליכען יום טוב פון דער אמעריקאנער ארבייטערשאפט. היינט איז ער עס בלויז אין נאמען. אין דער ווירקליכקייט אבער איז ער געווארען מער דער יום טוב פון די באלעבאטים צו פארענדיגען זייער זומער וואקאציע.

לעיבאר דעי איז געשאפען געווארען אלס דער יום טוב פון די אמעריקאנער ארבייטער. אבער די ארבייטער האבען נאך ביז היינט ניט אים געמאכט פאר זייער יום־טוב. זיי דארפען עס איצט טאן און זיי דארפען אים אויסנוצען צו דעמאנסטרירען זייערע כוחות און זייער ווילען.

## ווי די אמאלגאמייטעד האט „ארגאניזירט" די ניו יארקער באטהראוב שעפער

די אמאלגאמייטעד קלאדינג ווארקערס יוניאן האט פלוצים באשלאסען אז זי דארף ארגאניזירען די די באטה־ראוב שעפער פון ניו יארק און — געזאגט און געטאן. אלעקס קאהען, דער מענעדזשער פון ניו יארקער דזשאינט באארד פון די שוירט מאכער, פאדזשאמא מאכער א. אז וו.. איז אוועקגעגאנגען צו דער באטה־ראוב קאנטראקטארס אסאסיאײשאן פון ניו יארק, האט אונטערגעשריבען מיט איר אן אגרימענט און די אונטערנעמונג איז געווען פארטיג...

דער „אדוועגס", אפיציעלער זשורנאל פון דער אמאלגאמייטעד, גיט אן דריי אורזאכען פארוואס די אמאלגאמייטעד האט איצט באשלאסען צו ארגאניזירען די באטה־ראוב שעפער פון ניו יארק. ערשטענס, זיינען די באטה־ראובס וואס מען מאכט אין זיי צום גרעסטען טייל מאנסבילשע און אלץ וואס מאנסבילען טראגען באלאנגט צו דער אמאלגאמייטעד. צווייטענס, ווערען אין די באטה־ראוב שעפער געמאכט אנדערע ארטיקלען, וואס מאנסבילען טראגען. דריטענס, האט די אמאלגאמייטעד אונטער איר קאנטראל באטה־ראוב שעפער אויך אין מאנכע ערטער אין אמעריקע.

נאר צו וואס דארף עס דער „אדוועגס" אנגעבען אורזאכען פארוואס די אמאלגאמייטעד האט ארגאניזירט די באטה־ראוב מאכער? פאר וועלכען צוועק דען עקזיסטירט די אמאלגאמייטעד, אויב ניט צו ארגאניזירען די ארבייטער אין דער מענער־קליידער אינדוסטריע? אורזאכען דארף מען אנגעבען, ווען מען ארגאניזירט ניט, ווען מען פארנאכלעסיגט די אויפגאבען פון דער יוניאן. מען דארף אבער ניט אנגעבען קיין אורזאכען פארוואס מען טוט דאס, וואס מען דארף טאן.

אגב, די אורזאכען גופא. האט דען פריער די אמאלגאמייטעד ניט געוואוסט, אז אין די באטה־ראוב שעפער פון ניו יארק, וואס זי האט איצט „ארגאניזירט", מאכט מען צום גרעסטען טייל מאנסבילשע באטה־ראובס? און האט זי ביז איצט ניט געוואוסט, אז אין די באטה־ראוב שעפער פון ניו יארק מאכט מען אויך אנדערע ארטיקלען וואס מאנסבילען טראגען? דאס וואלט געווען זעהר א שלעכטע רעקאמענדאציע פאר דער אמאלגאמייטעד, ווען זי זאל עס ביז איצט ניט האבען געוואוסט.

נאר די אלע פראגען ווערען פארענטפערט, ווען מען לייענט דורך דעם באריכט וועגען דער „ארגאניזירונג" פון די באטה־ראוב שעפער אין ניו יארק אינגאנצען. פארבייגייענדיג ווערט אין דעם באריכט געזאגט, אז

> „מאנכע פון די שעפער זיינען פריער געווען אונטער אן אגרימענט מיט דער אינטערנעשאנעל לײדיס גארמענט ווארקערס יוניאן, אבער דער טערמין פון די קאנטראקטען איז שוין געווען אויסגעגאנגען, ווען די פארהאנדלונגען (פון דער אמאלגאמייטעד) מיט דער אסאסיאײשאן האבען זיך אנגעפאנגען".

נו, עס וואלט געווען ריכטיגער, ווען דער באריכט וואלט, אנשטאט צו געברויכען די ווערטער „מאנ:ע שעפער" דערציילט, אז די באטה־ראוב שעפער פון ניו יארק, וואס די אמאלגאמייטעד האט „ארגאניזירט", זיינען געשטאנען אונטער דער יוניאן קאנטראל פון דער אינטערנעשאנעל. נאר דאס וואלט שוין געווען צופיל פארלאנגט. אבער אויך דאס באשיידענע ווארט „מאנכע" גיט צו דעם פאקט, אז די אינטערנעשאנעל האט זיך פארנומען מיט ארגאניזירען די באטה־ראוב ארבייטער און אז זי האט געהאט אגרימענטס מיט די באטה־ראוב מאנופעקטשורערס. און דאס מאכט שוין קלאר פארוואס די אמאלגאמייטעד האט פלוצים באשלאסען, אז די באטה־ראוב שעפער באלאנגען צו איר. זי האט זיי געפונען פארטיג ארגאניזירטע.

איר איינציגע ארבייט איז געווען צו גיין צו דער קאנטראקטארס אסאסיאיישאן איר פארצולייגען א גינסטיגערען אגרימענט. און אזוי ווי די גאנצע אונטערנעמונג האט א שטארקען ווידער־טעם, דארף מען אנגעבען אורזאכען פארוואס מען האט זיך איצט גענומען צו די באטה־ראוב שעפער. דער באריכט שרייבער האט איינפאך געפילט, אז די אמאלגאמייטעד האט דא אפגעטאן ניט קיין גלאטע שטיקעל ארבייט.

נאר באזונדערס כענעוודיג איז די באמערקונג אין באריכט, אז דער טערמין פון די קאנטראקטען, וואס די אינטערנעשאנעל לײדיס גארמענט ווארקערס יוניאן האט געהאט מיט די באלעבאטים פון די באטה־ראוב שעפער, זיינען שוין געווען אויסגעגאנגען, ווען די אמאלגאמייטעד האט אנגעפאנגען די פארהאנדלונגען מיט זיי. עס הייסט, אז אין מיטען טערמין וואלט די אמאלגאמייטעד עס געוויס ניט געטאן. עס פאסט איינפאך ניט צו פארכאפען איינעמס א ביזנעס, אידער זיין ליעס איז נאך אויסגעגאנגען, אפילו ווען מען קען עס. ווען דער ליעס האט זיך אבער געענדיגט, איז עס דאך א כשר'ע שיסעל מיט א כשר'ע לעפעל. פרעגט יעדען לאיער וועט ער עס אייך זאגען....

מיר ווילען, פארשטעהט זיך, ניט פרעגען פארוואס די קאנטראקטארס אסאסיאיישאן האט בעסער אונטערגעשריבען א נייעם אגרימענט מיט דער אמאלגאמייטעד, אײדער צו באנייען דעם אלטען אגרימענט מיט דער אינטערנעשאנעל. עס איז גאנץ איינפאך, ווייל דער אגרימענט פון דער אמאלגאמייטעד איז גינסטיגער פאר דער קאנטראקטארס אסאסיאיישאן.

און טאמער האט אימיצער געקענט מיינען, אז עס האנדעלט זיך וועגען א יוריסדיקציע פראגע צווישען דער אמאלגאמייטעד און דער אינטערנעשאנעל, האט ער געמאכט א גרויסען טעות. דער „אדוואנס" דערציילט אונז נעמליך, אז אלעקס קאהען האט ערקלערט, אז

„פרויען באטה־ראובס שפילען א גאנץ קליינע ראלע אין דער סיטואציע; אויב מיר וועלען געפינען וועלכע עס איז פון זיי, וועלען מיר זיי צושיקען צו דער אינטערנעשאנעל לײדיס גארמענט ווארקערס יוניאן דורך פארסעל פאסט".

מיר שטעלען זיך פאר, אז פארלויפיג האט אלעקס קאהען זיך ניט באמיהט צו געפינען קיין פרויען באטה־ראובס אין די שעפער, וואס ער האט „ארגאניזירט", ווייל ביז איצט האט די אינטערנעשאנעל זיי נאך ניט געקראגען פון אים דורך פארסעל פאסט. און אז זיי זיינען פאראן, גיט דאך אלעקס קאהען אליין צו. ער זאגט בלויז, אז זיי שפילען א גאנץ קליינע ראלע אין דער סיטואציע. נאר די חכמה וועגען שיקען די פרויען באטה־ראובס צו דער אינטערנעשאנעל דורך פארסעל פאסט וועלען מיר איבערלאזען פאר חכמה עקספערטען אויסצוגעפינען ווי טיף זי איז. אונז אינטערעסירט פיל מער אויסצוגעפינען פון ווען אן די אמאלגאמייטעד איז געווארען אזוי שטרענג וועגען די גרעניצען פון די טריידס, וואס זי דארף קאנטראלירען און וועגען די וואס אנדערע יוניאנס דארפען קאנטראלירען. איז זי עס געווארען זינט די סי. אי. א. האט זיך געגרינדעט? אויף וויפיל אונז איז באקאנט איז די אמאלגאמייטעד גאר ניט אזוי שטארק אפגעהיט אין די יוריסדיקציע פראגען וועגען די גרעניצען פון די טריידס. מיר ווייסען, אז די אמאלגאמייטעד האט זיך ניט אפגעזאגט פון שעפער, וואו מען האט אנשטאט מענער סוטס געמאכט פרויען סוטס און האט זיי ניט אריינגעשיקט צו דער אינטערנעשאנעל דורך פארסעל פאסט. אין דער לעצטער צייט זיינען מיר געווען אונטער דעם איינדרוק, אז די גרעניצען פון די טריידס וואס די אמאלגאמייטעד נעמט אריין, זיינען זעהר ווייטע. מיר וואלטען זאגען — כמעט גרעניצלאז. די יוריסדיקציע פון דער אמאלגאמייטעד האט זיך אין די לעצטע יארען אזוי אויסגעברייטערט, אז זי האט אנגעפאנגען ארייננעמען אלץ, וואס פאנגט זיך אן מיט אן אלף — א לאנדרי, א קלינינג שאפ, א פענסיל פעקטארי א. א. וו. די אמאלגאמייטעד האט דעריבער געדארפט זיין די לעצטע צו באנוצען זיך מיט אזא ארגומענט, אז די באטה־ראוב שעפער, וואס זיינען ארגאניזירט געווארען פון דער אינטערנעשאנעל און קאנטראלירט געווארען פון איר פאר א לענגערער צייט, דארפען באלאנגען צו דער אמאלגאמייטעד, ווייל מען מאכט אין זיי הויפטזעכליך באטה־ראובס פאר מענער און בלויז זעהר ווייניג פאר פרויען.

און ווען די אמאלגאמייטעד איז שוין פלוצים געווארען אזוי שטרענג יוריסדיקציאנעל און האט זיך גענומען צעהלען וויפיל באטה־ראובס פאר מענער און פאר פרויען מען מאכט אין די ניו יארקער באטה־ראוב שעפער, האט זי אויך פרובירט צעהלען וויפיל פרויען וועש און מענער וועש עס ווערען געוואשען אין די לאנדריס, וואס זי האט ארגאניזירט, און וויפיל מענער קליידער און פרויען קליידער עס ווערען גערייניגט אין די קלינינג שעפער, וואס זי קאנטראלירט?

מיר ווייסען ניט ווי גרויס עס איז דער אונטערשייד צווישען א מאנסבילשען באטה־ראוב און א ווייבערשען. און מיר צווייפלען אויב די אמאלגאמייטעד קען גאראנטירען, אז די פרויען טוען קיין מאל ניט אן די באטה־ראובס פון זייערע מענער. מיר ווייסען אבער יא, אז עס איז פאראן א גרויסער אונטערשייד צווישען מענערשע קליידער און ווייבערשע, און יעדער אייגענטימער פון א קלינינג סטאר וועט אייך זאגען, אז די מייסטע ארבייט באשטייט פון פרויען קליידער. און וואס איז שייך צו לאנדריס וועט דאכט זיך די אמאלגאמייטעד אליין ניט קענען ערקלערען פארוואס זיי דארפען באלאנגען אונטער איר יוריסדיקציע, אויב זי זאלט זיך האלטען פאר איר ארגומענט פארוואס די ניו יארקער באטה־ראוב שעפער דארפען באלאנגען צו איר. די אמאלגאמייטעד קען פאר די לאנדריס און די קלינינג שעפער האבען בלויז איין ארגומענט — אז זי האט זיי ארגאניזירט. אבער אויב דאס איז אזוי, דארף דאך די אמאלגאמייטעד אנערקענען דעם פאקט, אז די אינטערנעשאנעל האט ארגאניזירט די באטה־ראוב שעפער אין ניו יארק און איינגעפירט אין זיי יוניאן באדינגונגען. און פיל מער: די אמאלגאמייטעד האט ניט געמאכט קיין שום איינווענדונגען און האט ניט אויפגעהויבען קיין יוריסדיקציע פראגען, ווען די אינטערנעשאנעל האט זיך גענומען ארגאניזירען די באטהראוב שעפער אין ניו יארק. אין געגענטייל. די אמאלגאמייטעד האט ביי א פאר געלעגענהייטען, ווען זי האט געוואלט באווייזען ווי ברייטהארציג זי איז, ווען עס קומט צו טרייד־גרעניצען, גענומען די ניו יארקער באטהראוב שעפער פאר א ביישפיל. אט מאכט מען אין זיי, האט זי געזאגט, מער באטהראובס פאר מענער ווי פאר פרויען און דאך האט זי ניט קיין טענות צו דער אינטערנעשאנעל, וואס זי האט זיי גענומען אונטער איר קאנטראל.

יעדער קען פארשטעהן, אז די אינטערנעשאנעל נעמט די פראגע אזוי ערנסט ניט צוליב דעם, וואס די אמאלגאמייטעד האט אויסגעכאפט ביי איר די 7 אדער 8 הונדערט מיטגלידער, וואס זי האט געהאט אין די באטהראוב שעפער. אין די נאענט צו א פערטעל מיליאן מיטגלידער, וואס די אינטערנעשאנעל פארמאגט, וועט זיך דער פארלוסט פון עטליכע הונדערט ניט שטארק אנזעהן. עס איז דער אופן ווי די אמאלגאמייטעד האט עס געטאן, וואס אינטערעסירט אמשטארקסטען די אינטערנעשאנעל. דאס אונטעררוקען זיך מיט אן אגרימענט צו דער קאנטראקטארס אסאסיאיישאן, ווען די אינטערנעשאנעל האט געדארפט באנייען איר אגרימענט; אט דער מין „ארגאניזירען" טריידס; אט די האנדלונג פון א „פריינדליכער" שוועסטער־ארגאניזאציע איז וואס עס אינטערעסירט אזוי שטארק די אינטערנעשאנעל.

❖

## די ערוועהלונג פון בר. פיינבערג פאר מענעדזשער פון דער קלאוק דזשאינט באארד

מיר גראטולירען דעם דזשאינט באארד פון דער קלאוקמאכער יוניאן מיט איר נייעם מענעדזשער און מיר גראטולירען ברודער ישראל פיינבערג מיט זיין נייעם אמט.

אין דער ווירקליכקייט איז ברודער פיינבערג ניט ניי פאר דעם קלאוקמאכער דזשאינט באארד און דער אמט פון מענעדזשער פון קלאוק דזשאינט באארד איז ניט ניי פאר ברודער פיינבערג. מען קען אין דעם פרט געברויכען דאס באקאנטע אידיש ווערטעל: מזל טוב, דער טאטע האט די מאמען גענומען. פיינבערג איז א לייגערע צייט געווען מענעדזשער פון קלאוק דזשאינט באארד און מיר גלויבען, אז עס איז ניטא א קלאוקמאכער אין ניו יארק וועמען דער נאמען פיינבערג זאל ניט זיין באקאנט. מען קען דעריבער זיכער באטראכטען זיין איצטיגע וואהל פאר מענעדזשער פון קלאוק דזשאינט באארד ווי א צוריקקער אין זיין אלטער היים. פאר אונז איז דעריבער אויך ניט נויטיג אים פארצושטעלען און דערציילען ווער ער איז און וואס מען קען פון אים דערווארטען. דער נאמען ישראל פיינבערג איז גוט באקאנט ניט בלויז צווישען די קלאוקמאכער, נאר אויך אין דער גאנצער אינטערנעשאנעל, פון וועלכער ער איז שוין פאר מערערע יארען איינער פון די אנגעזעהענסטע וויס־פרעזידענטען.

מיר זיינען זיכער, אז ברודער פיינבערג ווייס, אז זיין אלט־נייער אמט, וואס ער האט איבערגענומען, איז ווייט ניט קיין לייכטער. צו די אלטע שווערע פראבלעמען פון דער קלאוקמאכער יוניאן אין ניו יארק זיינען אין די לעצטע יארען צוגעקומען נייע. דער קלאוקמאכער טרייד איז פון אלע מאל אן געווען באלאדען מיט שווערע פראבלעמען. און האט זיך איינגעגעבען איין פראבלעם צו לייזען, איז אויף איר פלאץ געקומען צוויי נייע. און די ערגסטע פראבלעם פון אלע איז, וואס אין די לעצטע עטליכע יאר זיינען די ארבייטס־סעזאנען געווען זעהר שלעכטע און די יערליכע פארדינסטען פון די קלאוקמאכער זיינען געווען זעהר קליינע.

עס פארשטעהט זיך, אז די קלאוקמאכער קענען ניט דערווארטען, אז דער מענעדזשער פון דזשאינט באארד פון זייער יוניאן זאל בריינגען פראספעריטי אין דעם קלאוק טרייד. אבער עס איז דאך א סך שווערער צו פירען א יוניאן, ווען עס איז פאראן ווייניג ארבייט אין טרייד און די ארבייטער פארדינען ניט גענוג אויף א לעבען. ווייל סוף כל סוף דרעהען זיך דאך כמעט אלע פראבלעמען פון דער יוניאן ארום דער איין גרויסער וויכטיגער פראבלעם — פארדינען אויף א לעבען.

און מיר זיינען אויך זיכער, אז ברודער פיינבערג ווייס גאנץ גוט דעם איצטיגען צושטאנד פון דעם דזשאינט באארד — וואס ער האט און וואס אים פעלט. ער האט זיכער נאכגעפאלגט די ענדערונגען, וואס זיינען אין דזש. באארד פארגעקומען פאר די יארען, וואס ער איז געווען אוועק פון אים. ענדערונגען, וואס האבען דעם דזשאינט באארד ניט שטארקער געמאכט, נאר פיל שוואכער. מיר גלויבען דעריבער, אז עס וועט זיין די אמביציע פון ברודער פיינבערג, איבערנעמענדיג צוריק זיין אלטען אמט פון מענעדזשער פון דזשאינט באארד, צו פארשטארקען די מאכט און דעם איינפלוס פון דער צענטראלער קערפערשאפט פון דער קלאוקמאכער יוניאן.

מיר האבען שוין ביי אנדערע געלעגענהייטען באמערקט, אז דער דזשאינט באארד פון דער קלאוקמאכער יוניאן איז היינט ווייט ניט וואס ער איז געווען אמאל. די לאקאלס האבען צוגענומען פון אים דעם גרעסטען טייל פון דער מאכט, וואס ער האט אמאל געהאט, און ממילא אויך זיין איינפלוס. מיר ווילען זיך דא ניט פארשפרייטען וועגען דעם ווי אזוי דאס האט פאסירט, ווייל די געשיכטע איז ניט קיין נייע און די קלאוקמאכער, וואס אינטערעסירען זיך מיט זייער יוניאן, ווייסען גאנץ גוט, אז די הויפט דעה האבען היינט די לאקאלס און ניט דער דזשאינט באארד. די פראגע איז בלויז וויפיל פון זיי עס ווייסען, אז דאס טויג ניט.

מיר וועלען ניט לייקענען, אז די אויפגאבע צו קאנצענטרירען מער מאכט אין די הענט פון דזשאינט באארד איז איצט ווייט ניט אזוי לייכט. די לאקאלס האבען זיך צו שטארק איינגעוואוינט מיט דער איצטיגער לאגע, אין וועלכער זיי האבען די הויפט דעה. און זיי וועלען קיין חשק ניט האבען זיך מיט איר צו שיידען. אבער עס איז אן אויפגאבע, וואס איז ווערט אלע אנשטרענגונגען איר דורכצופירען. און מיר גלויבען, אז ברודער פיינבערג מיט זיינע פעאיגקייטען און מיט זיין לאנג־יאריגער ערפארונג אין דער ארבייט פון דער יוניאן קען די אויפגאבע דורכפירען.

מיר ווינשען ברודער פיינבערג ערפאלג אין דער שווערער ארבייט, וואס ער האט אויף זיך גענומען, און מיר זיינען זיכער, אז ער וועט קריגען די פולע קאאפעראציע און די מיטהילף פון אלע פירער און טעטיגע מיטגלידער פון דער יוניאן. שוין דער פאקט אליין, וואס ברודער פיינבערג איז צו זיין אמט איינשטימיג געוועהלט געווארען פארזיכערט אונז, אז ער וועט האבען די פולע מיטהילף, אין וועלכער ער נויטיגט זיך און אז זיין ארבייט וועט זיין אן ערפאלג.



## ווארט
### פון אברהם רייזען

ווארט, עס וועט באלד איינער קומען
מיט דעם ווארט וואס זינגט, ווי בשורה;
און ער וועט די וועלט צעברומען
מיט דער חכמה טיפסטער גבורה...

ס'וועט זיין ווארט זיך ווייט צעטראגן
איבער פעסטונגען, טריבער;
און די לאנגע נאכט — וועט טאגן
אין די נידעריגסטע שטיבער...

# פון צייט צו צייט

פון צביון



ס איז געווען א באזונדערע חוצפה פון דער אזוי גערופענער „ליג פאר שלום און דעמאקראטיע" ארויסצולאזען נאך סטאלינ׳ס שענדליכען פארראט געגען שלום און דעמאקראטיע, אן אויפרוף צו די קלאוקמאכער און צו די ארבייטער פון די אנדערע נאדעל טריידס, זיי זאלען קומען צו דעם שלום פאראד, וואס די ליג ארגאנזשירט.

עס איז פאר קיינעם קיין סוד ניט, אז די ליג פאר שלום און דעמאקראטיע שטעהט אין א גאנץ נאהענטער קרובה׳שאפט מיט סטאלינ׳ען. נאר ווען מען האט געגלויבט, אז סטאלין שטעהט מיט די דעמאקראטישע לענדער פאר פרידען געגען היטלעריזם און מלחמה, האט מען געקענט זאגען דאס אלטע ווערטעל — זאל זיין פון א טאטער אבי צו רפואה. איצט אבער, ווען סטאלין האט זיך פאראייניגט מיט היטלער׳ן געגען די דעמאקראטישע לענדער און שטארקט היטלער׳ס בלוטיגע הענט פאר מלחמה, איז עס די נידערטרעכטיגסטע חוצפה פון דער אזוי גערופענער „ליג פאר שלום און דעמאקראטיע" צו רופען די ארבייטער אויף א שלום פאראד. דאס מיינט איינפאך אן אויפרוף צו פייערן סטאלינ׳ס שענדליכען פארראט דורך א פאראד.

און דער אויפרוף איז נאך געווענדעט צו אידישע ארבייטער, ביי וועמען סטאלינ׳ס פארראט רופט ארויס א באזונדערען טיפען ווייטאג. ווייל א פארשטענדיגונג מיט היטלער׳ן איז ביי זיי דאס ערגסטע, וואס זיי קענען זיך נאר פארשטעלען. היטלער איז ביי זיי די פארקערפערונג פון אלעס שלעכטס, פון דעם ערגסטען און געפערליכסטען פארפאלגער, אונטערדריקער און פיינד פון אידען און ווען איינער פארבינדט זיך מיט אים ווערט ער זיינער א שותף, א מיטהעלפער אין אל דאס בייז, וואס ער טוט.

עס האט מיר באזונדערש געפרייט צו לייענען די ערקלערונג פון פרעזידענט דוד דובינסקי וועגען דעם אויפרוף פון דער ליג. ער זאגט אין איר דאס פאלגענדע:

„אין דער קאמוניסטישער פרעסע, און אויך אין „טאג", איז ערשינען א רוף צו די קלאוקמאכער און אנדערע נאדעל טרייד ארבייטער, צו קומען היינטיגען שבת זיך באטייליגען אין דעם אזוי גערופענעם „שלום פאראד", וואס די „ליג פאר שלום און דעמאקראטיע" ארגאנזשירט. אין דעם סטייטמענט ווערט געזאגט, אז „פילע לאקאלען פון דער אינטערנעשאנאל לעידיס גארמענט ווארקערס יוניאן האבען אינדארסירט און ארויסגעגעבען רופען צו זייערע מיטגלידער צו באטייליגען זיך אין דעם פאראד".

ערקלער איך דא קאטעגאריש, אז דער סטייטמענט איז דורכאויס פאלש. קיינע לאקאלען פון דער אינטערנעשאנאל און קיינע פירער, מיט דער אויסנאמע פון איין לאקאל מענעדזשער, האבען ניט ארויסגעגעבען אזא רוף צו זייערע מיטגלידער. דער איינציגער אויסנאהם איז איזידאר סארקין, מענעדזשער פון דעם קלאוק פינישערס יוניאן לאקאל 9.

די „ליג פאר פיס און דעמאקראסי" איז פון אונזער יוניאן אימערצו באטראכט געווארען אלס א רעדעל פון קאמוניסטישען וואגען. צו דעמאנסטרירען איצט אונטער דער פאן פון דער דאזיגער „ליג" פאר זייער מוסטער פון דעם זאגענאנטען „שלום און דעמאקראטיע", וואלטען געווען גלייכצייטיג אן אינדארסירונג פון דעם היטלער־סטאלין שלום, און די גרעסטע באליידיגונג פאר דעם געוויסען און עהרענגעפיל פון אידישע ארבייטער.

מיר פאדערען אויף אלע קלאוקמאכער און אנדערע מיטגלידער פון דער אינטערנעשאנאל, ספעציעל די מיטגלידער פון לאקאל 9, ניט צו באטייליגען זיך אין דעם פאראד, און ניט ערלויבען אז מען זאל זיך מיט זיי באנוצען גוטצוהייסען דעם בלוטיגען פארראט פון סטאלינ׳ען אין זיין דיעל מיט היטלער׳ן".

איבריג צו זאגען אז די קלאוקמאכער האבען געפאלגט זייער פרעזידענט.

די פראגע, נאכדעם ווי דער קאנגרעס אין וואשינגטאן איז אוועק אויף וואקאציע, באשטעהט איצט אין דעם אויף וויפיל איהם האט זיך איינגעגעבען צו מאכען אן איינדרוק אויף דער דורכשניטליכען אמעריקאנער בירגער, אז ער האט געקעמפט פאר עקאנאמיע און האט עס אויך דורכגעפירט.

דער קאנגרעס האט זעהר פיל געטאן אזא איינדרוק צו שאפען און די ראזוועלט פרייגדליכע פרעסע האט שטארק מיטגעהאלפען, אז אזא איינדרוק זאל בלייבען. ווייל ווי בעסער קען מען אפעלירען צו דעם דורכשניטליכען אמעריקאנער בירגער ווי מיט מאכען עקאנאמיע אין די אויסגאבען פון דער רעגירונג? מאכען עקאנאמיע אין די אויסגאבען פון דער רעגירונג מיינט דאך שפארען דאס געלד פון פאלק און פארהיטען אים פון העכערע שטייערען. ראזוועלט מיט זיין ניו דיל, הייסט עס, קימערט זיך ניט צו שפארען דאס געלד פון פאלק, ער זוכט כסדר אויסצוגעבען וואס מעהר. און דאס מיינט נייע דעפיציטען אין בודזשעט און ממילא העכערע שטייערען.

זיין ערשטע רעפוטאציע אין מאכען עקאנאמיע האט דער קאנגרעס געוואונען, ווען ער האט אראפגעשניטען 150 מיליאן דאלאר פון דער סומע, וואס ראזוועלט האט פארלאנגט פאר דער דאבליו־פי־איי. אויסגעלאזען האט זיך שפעטער, אז ער האט בלויז געשניטען 50 מיליאן דאלאר, אבער ביים גרויסען, ברייטען עולם איז געבליבען דער ערשטער איינדרוק פון אן עקאנאמיע פון 150 מיליאן. און פארענדיגט האט דער קאנגרעס אין זיין צוריקווייזען פון ראזוועלט׳ס „לענדינג ענד ספענדינג" פראגראם, וואס האט באטראפען נאהענט צו 4 ביליאן דאלאר. ראזוועלט האט טאקע ערקלערט, אז די קנאפע 4 ביליאן דאלאר פאר „לענדינג ענד ספענדינג" ווערט ניט פארגעשלאגען אלס א נייע הוצאה פון דער רעגירונג נאר עס איז געלד, וואס די רעגירונג זאל אויסלייען פאר די צוועקען פון גרויסע ארבייטס־פראיעקטען, וואס וועלען זיך שפעטער אליין באצאהלען. עס הייסט, אז דאס געלד, וואס וועט אויסגעגעבען ווערען, וועט אריינקומען צוריק. אבער דער קאנגרעס האט עס אוועקגעשטעלט אלס א נייע הוצאה פון דער רעגירונג און האט געהאט א נייע געלעגענהייט צו קעמפען פאר עקאנאמיע און צו שפארען דאס געלד פון פאלק.

נאר האט טאקע דער קאנגרעס באמת געקעמפט פאר עקאנאמיע און האט ער אויך געמאכט עקאנאמיע?

אין דער ווירקליכקייט האט דער קאנגרעס, וואס איז איצט אוועק אויף וואקאציע, געמאכט די גרעסטע אויסגאבען פאר דער רעגירונג, וואס א קאנגרעס האט ווען עס איז געמאכט. דער לעצטער קאנגרעס האט נאר געזוכט צו מאכען עקאנאמיע פון די פראפיטער צו שאפען ארבייט, אבער ער איז געווען זעהר פארשווענדעריש, ווען עס איז געקומען צו אנדערע אויסגאבען. אין מאנכע פאלען האט ער באוויליגט מעהר געלד ווי ראזוועלט האט רעקאמענדירט. ער האט ניט בלויז באוויליגט מעהר געלד פאר מיליטערישע צוועקען ווי ראזוועלט האט פארלאנגט, נאר ער האט אויך באוויליגט 385 מיליאן דאלאר אלס אן עקסטרא סובסידיע פאר די פארמערס, וואס ראזוועלט איז געווען אויסגעשפראכען געגען. דער רעזולטאט איז אז דער קאנגרעס, וואס פרעטענדירט, אז ער האט געקעמפט פאר עקאנאמיע, האט גאר נאך גרעסער געמאכט דעם דעפיציט פון בודזשעט. און אזוי ווי ער האט ניט אנגענומען קיין מיטלען צו דעקען דעם דעפיציט, ווייל דאס וואלט געפאדערט נייע שטייערען, אדער א העכערונג פון די אלטע, וועט ממילא דער חוב פון דער רעגירונג, אדער דער נאציאנאלער חוב, ווי מען רופט עס, ווערען גרעסער. די רעגירונג וועט דאך מוזען בארגען געלד צו דעקען דעם נייעם גרויסען דעפיציט פון בודזשעט. קורץ און גוט, די אזוי גערופענע איינשפארער האבען אויסגעגעבען מעהר געלד ווי די אזוי גערופענע פארשווענדער און קריטיקירענדיג די ראזוועלט אדמיניסטראציע פאר דעם וואקסענדען נאציאנאלען חוב, האבען זיי אליין דעם נאציאנאלען חוב נאך מעהר פארגרעסערט.

וועט ראזוועלט קענען אויפקלערען דעם דורכשניטליכען אמעריקאנער בירגער, אז די „עקאנאמיע מאכער" אין קאנגרעס האבען איהם אפגענארט? אדער מען קען שטעלען די פראגע אנדערש: וועט ראזוועלט האלטען פאר נויטיג אזא אויפקלערונג?

פרעזידענט רוזוועלט קען טראכטען, אז אייגענטליך האבען אים אט די „עקאנאמיע מאכער" קיין שלעכטס ניט געטאן, הגם זיי זיינען עס אויסען געווען צו טאן. אין געגענטייל עס קען נאך ארויסקומען, אז זיי האבען אים געטאן א טובה. דרעהט זיך דאך די גאנצע איצטיגע פאליטיק ארום די קומענדיגע וואהלען פון 1940, קען דעריבער ראזוועלט רעכענען אזוי: וועט אין יאר 1940 די עקאנאמישע לאגע פארבעסערט ווערען, וועט ער דאך קריגען דעם קרעדיט דערפאר. עס וועט דאך הייסען, אז אונטער זיין אדמיניסטראציע און דורך זיין פראגראם האט זיך איינגעגעבען צו פארטרייבען דעם קריזיס פון לאנד. וועט אבער די עקאנאמישע לאגע ניט ווערען בעסער, וועט ראזוועלט האבען אויף וועמען צו ווארפען די שולד. ער וועט קענען זאגען, אז די עקאנאמישע איינשפארער פון קאנגרעס האבען אלץ פארדארבען. זיי האבען אים ניט געלאזען דורכפירען זיין פראגראם פון שאפען ארבייט.

און ראזוועלט האט איין גרויסען פארצוג איבער זיינע געגנער אין דער דעמאקראטישער פארטיי. דאס איז דער סוד פון א דריטען טערמין, וואס ער האלט אין זיינע הענד. די געגנער פון זיין אייגענער פארטיי קענען אנפירען אין קאנגרעס א קאמף געגען זיין פראגראם, געגען דעם ניו דיל, אבער זיי קענען צו ווייט דאך ניט געהן, ווייל זיי ווייסען ניט ארום וועמען זיי קענען זיך קאנצענטרירען, ווייל עס הענגט אפ פון ראזוועלט׳ן ווער עס וועט זיין דער פרעזידענטס קאנדידאט פון דער דעמאקראטישער פארטיי אין 1940. ווארום אויב ער אליין וועט עס ניט זיין וועט ער פאדערען דערפאר דעם פרייז, אז ער זאל קענען זאגען ווער עס זאל זיין דער קאנדידאט. און רוזוועלט וועט זיכער פאדערען אז דער קאנדידאט זאל זיין א ניו דילער, ווי מען רופט עס, וואס זאל פארזעצען זיין פראגראם. און ווי שטארק עס זאל ניט זיין אין געוויסע קרייזען פון דער דעמאקראטישער פארטיי די געגנערשאפט צו ראזוועלט׳ן, ווילען זיי אבער דאך, אז די דעמאקראטישע פארטיי זאל זיגען אין די קומענדיגע וואלען. דעמאקראטישע קאנגרעסלייט האבען זיך געקענט פאראייניגען מיט רעפובליקאנער קאנגרעסלייט צו באקעמפען ראזוועלט׳ס פראגראם אין קאנגרעס, אבער ווען עס וועט קומען צו די וואהלען וועלען זיי מוזען שטעהן מיט זייער פארטיי, כדי צו ראטעווען זייער אייגענע פאליטישע עקזיסטענץ.

ראזוועלט איז אן ערפארענער פאליטיקער און קען דאס פאליטישע שפיל אויסגעצייכענט. ער מיידט אויס אפילו מיט א ווארט אנצודייטען, וואס ער טראכט וועגען די נעקסטע פרעזידענט וואהלען, וואס זיינען שוין אזוי נאהענט. מען האט פון אים ניט געקענט ארויסקריגען קיין שום אנדייטונג, וואס ער טראכט וועגען א דריטען טערמין. ער האט ניט געזאגט ניט ניין און ניט יא, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס די פראגע פון א דריטען טערמין איז איצט ביי יעדען אויף דער צונג. ער האט בלויז ביי פארשיידענע געלעגענהייטען ערקלערט, אז דער קאנדידאט פאר פרעזידענט אין די קומענדיגע וואהלען דארף זיין א פראגרעסיווער מענש וואס זאל פארטזעצען דעם ניו דיל.

וועגען דער אמעריקאנער פאליטיק קען מען אין דעם איצטיגען מאמענט איבערהויפט ניט מאכען וועלכע עס איז פאראויסזאגונגען.

ווען אט די שורות ווערען געשריבען זעהט עס אויס, אז די וועלט שטעהט אויפ׳ן שוועל פון א נייער גרויסער מלחמה. און וואס עס זאלען היינט ניט זאגען אונזערע פארשידענע איזאלאציאניסטען, אז אמעריקע האט גארנישט צו טאן מיט דעם, וואס עס קומט פאר אין די לענדער אויף יענער זייט ים, וועט אמעריקע דאך ניט קענען בלייבען אין גאנצען אומבארירט און רוהיג, ווען א נייע וועלט מלחמה זאל אויסברעכען. עס איז ניט בלויז א פראגע פון סימפאטיעס, נאר אויך פון אינטערעסען. די לענדער פון דער וועלט זיינען איצט אזוי געקניפט און געבונדען איינע מיט די אנדערע, אז אמעריקע קען ניט בלייבען פולשטענדיג שטעהן אן דער זייט, ווען א נייע וועלט־מלחמה זאל אויסברעכען. אמעריקע וועט אויסמיידען צו נעמען א דירעקטען אנטייל אין דעם גרוי־

# וואָס הייסט „באַרטער“ און ווי אַרבעט די סיסטעם?

פון מ. איוועננסקי



עהר אָפט הערט מען איצט דאָס וואָרט „באַרטער“ן. צייטונגען שרייבען פיל דערפון; מען הערט וועגען דעם אויף דער ראַדיאָ. „באַרטער“, וואָס איז אַן עקאָנאָמישער באַגריף, איז געוואָרען אַ טעמא ניט נאָר פאַר עקאָנאָמיסטען פון פאַך, נאָר פאַר'ן גאַנץ ברייטען עולם. „באַרטער“ איז אַ וואָרט, וואָס איז איצט ביי אַלעמען אויפ'ן צונג.

ווי עקאָנאָמיסטען פאַרשטעהען דאָס וואָרט, מיינט „באַרטער“ אַ דירעקטער אויסטויש פון סחורות אויף סחורות אָהן דעם מיטעל פון געלד. „באַרטער“ איז אַ פּאַרציייטיגע עקאָנאָמישע סיסטעם לויט וועלכער מען האַנדעלט ניט פאַר מזומן. מען קויפט ניט און מען פאַרקויפט ניט סחורות פאַר געלד, נאָר מען בייט זיך דירעקט. ווען אַ פּוילישע דאָרפישע גויע ברענגט אין שטאָדט אַ הינדעל און קריגט דערפאַר ניט געלד, נאָר אַ פּאַר איילען קאַרטון אויף אַ קליידעל, האָבען ביידע צדדים, די גויע און דער שניט־קרעמער, געהאַנדעלט לויט דעם באַרטער־סיסטעם.

ווי מיר האָבען געלערענט פון עקאָנאָמיסטען, ווייסען מיר אַז די באַרטער־סיסטעם איז אַן אַלט־פרענקישע, אָפּגעלעבטע סיסטעם, וואָס שמעקט מיט די צייטען, ווען מענשען האָבען געוואוינט אין ליימענע כאַלופּקעס און זיינען אַרומגעלאָפען באָרוועס און אָהן תחתונים במחילה און האָבען זיך דערנעהרט דערפון, וואָס זיי האָבען געשאָסען חיות און געכאַפּט פיש. היינטיגע צייטען ווערט די באַרטער־סיסטעם פּראַקטיצירט בלויז ביי פּרימיטיווע ווילדע פעלקער און אין גאַנץ אָפּגעשטאַנענע געגענדען. אין פאַרלעגענע שטעטלאַך אין אַמעריקע געפינט זיך נאָך אַמאָל אַ „קאַנטרי סטאָר“, וואו מען בייט אויס אַ פעל אויף אַ זאַק בולבעס. אין די פּלעצער, וואו עס זיינען דאָ ישובים פון אינדיאַנער, זיינען נאָך אַפילו איצט דאָ „טרעידינג פּאָסטס“, וואו מען בייט אויס טייערע פעלען פון געשאָסענע חיות פאַר אַ ביסעל שמאָכטעס. אַזעלכע אויסטויש־פּאָסטענס זיינען אויך דאָ אין די פאַרוואָרפענע סיבירער געגענדען אין קאַמטשאַטקע און סאַכאַלין. אין די אָפּגעשטאַנענע ווילדע געגענדען, האָט מען געמיינט, קען מען נאָך טרעפען רעשטלאַך פון באַרטער־סיסטעם, אָבער צווישען ציוויליזירטע פעלקער איז די באַרטער־סיסטעם געווען אַ פאַרגעסענע זאַך.

לעבען מיר אָבער איצט אין אַ מאָדערנער, צורודערטער, צודולסטער צייט. „הזמנים משתנים ואנחנו עמהם“ — צייטען בייטען זיך, און מיר בייטען זיך מיט זיי. מאַנכמאָל קומען אָבער צוריק אַזעלכע צייטען, וואָס מען האָט געמיינט אַז זיי זיינען אוועק אין דער אייביגקייט און וועלען זיך קיינמאָל ניט אומקערען. לעבען מיר איצט איבער די שרעקענישען פון מיטעלאַלטער: האָט טאַקע איינער וויציג געזאָגט: „עס איז אמת, אַז מיר לעבען אין דעם צוואַנציגסטען יאָרהונדערט, אָבער די צוואַנציג באַשטעהט פון צוויי טיילען. מיר לעבען אין אַ יאָרהונדערט, וואָס איז פּאָליטיש אַזוי גוט ווי דער עלפטער יאָרהונדערט און מענשליך אַזוי ווי דער נייַנטער יאָרהונדערט“. מיר לעבען אין אַ משוגענער צייט און אַלטע משוגענע באַגריפען שטעהען אויף תחית המתים. עקאָנאָמישע סיסטעמען, וואָס מען האָט געדענקט אַז זיי זיינען אוועק אויפ'ן עולם האמת און האָבען בלויז אַ היסטאָרישע באַדייטונג, ווערען צוריק לעבעדיג און ווערען אַקטועל. אויך די אַלטע באַרטער־סיסטעם איז געוואָרען צוריק אַקטועל. די באַרטער־סיסטעם ווערט פּראַקטיצירט ניט נאָר אין נאַצי־דייטשלאַנד, נאָר ווערט אָנגענומען אין אַנדערע לענדער.

פאַר די לעצטע פאַר יאָר האָט מען זעהר פיל געהערט פון דעם עקאָנאָמישען מכשף, דר. שאַכט. אָט דער מכשף, וועלכער האָט דורכגעפירט כשוף־שטיק אין דעם עקאָנאָמישען לעבען פון נאַצי־דייטשלאַנד און האָט אויך אַריינגעבלאָזען אַ לעבעדיגע נשמה אין דער טויטער עקאָנאָמישער סיסטעם, וואָס הייסט באַרטער. שאַכט, וואָס האָט געקראָגען אַ דאָקטאָר־טיטעל פאַר אַ דיסערטאַציע וואָס ער האָט געשריבען וועגען דער העברעאישער ליטעראַטור, האָט זיך אַרויסגעוויזען פאַר אַ גוטען און טרייען דינער פון דעם בלוטיגען היטלער. אָבער וואָס אמת איז אמת, ער האָט אויפגעטאָן וואונדער אין עקאָנאָמישען לעבען פון דייטשלאַנד. דער גליק איז, וואָס דער משוגענער היטלער האָט איהם משלח געווען און האָט אויף זיין פּלאַץ באַשטימט דעם דאָקטאָר פינק, וואָס צייכענט זיך מיט קיין זאַך ניט אויס אויסער מיט זיין טריישאַפט צו היטלער'ן. עס איז דאָ אַ האָפענונג, אַז פינק וועט אַנציהען די סטרונע אין דייטשען עקאָנאָמישען לעבען אַזוי שטאַרק, אַז זי וועט פּלאַצען.

איינע פון די גרעסטע אויפטואונגען פון שאַכט'ען איז דאָס, וואָס ער האָט אונטער די ערגסטע עקאָנאָמישע באַדינגונגען אָנגעהאַלטען דעם אויסלענדישען האַנדעל פון דייטשלאַנד דורך „באַרטער“. ער האָט די פאַרצייטיגע אָפּגעלעבטע סיסטעם צוגעפּאַסט צו דער היינטיגער צייט — אמת, אַ משוגענע צייט, אָבער ער האָט געוואוסט ווי אַזוי אויסצונוצען אויך די משוגעת פאַר זיינע צוועקען.

דורך דער סיסטעם פון באַרטער האָט שאַכט פאַרקניפּט ענגע פאַרבינדונגען מיט די באַלקאַנישע לענדער און אויך מיט די לענדער פון דרום־אַמעריקע. אויב מיט די באַלקאַן־לענדער האָט זיך נאַצי־דייטשלאַנד באַגאַנגען ווי אַ האָלדאָפּניק מיט זיינע קרבנות. רומעניען, יוגאָסלאַוויע און גריכענלאַנד האָבען געמוזט אונטערשרייבען זייערע האַנדעלס אָפּמאַכען, ווייל זיי האָבען מורא געהאַט פאַר דייטשע האַרמאַטען, האָט אָבער אויך דייטשלאַנד צו פאַרצייכענען גרויסע עקאָנאָמישע ערפאָלגען אין די לענדער פון דרום־אַמעריקע טראָץ דער לימאַ־קאָנפערענץ, וואו אַמעריקע האָט כלומרשט געהאַט אַ פּאָליטישען זיג.

פון עקאָנאָמישען שטאַנדפּונקט פון נאַצי־דייטשלאַנד האָט די סיסטעם צו פאַרצייכענען געוויסע ערפאָלגען, טראָץ דעם, וואָס די סיסטעם האָט אינערליכע חסרונות און אַרבייט ניט אַזוי גלאַט, ווי די נאַציס וואָלטען דאָס געוואָלט. עקאָנאָמיסטען פאַרדאַמען די באַרטער־סיסטעם און ווייזען אַן אויף פילע אַבנאָרמאַלע ערשיינונגען, וואָס די אָפּגעלעבטע סיסטעם ברענגט אַריין אין דעם עקאָנאָמישען לעבען פון די לענדער, וואו די סיסטעם ווערט פּראַקטיצירט. לעבען מיר אָבער איצט אין אַן אַבנאָרמאַלער צייט און די אַבנאָרמאַלע אומשטענדען ברענגען דערצו אַז אַנדערע לענדער טוען נאָך דייטשלאַנד.

מיט עטליכע וואָכען צוריק האָבען די צייטונגען געבראַכט די סענזאַציאָנעלע נייעס, אַז אַמעריקע האַלט אין דורכפירען אַ ריזיגען באַרטער־געשעפט מיט ענגלאַנד. אַמעריקע וויל שיקען אין ענגלאַנד איהרע גרויסע זאַפּאַסען פון ווייץ און קאַטען, די זאַפּאַסען, וואָס פאַרשאַפען אַזוי פיל קאָפּ־דרעהענישען אונזערע שטאַטסלייט, און ווילען דערפאַר באַקומען גרויסע זאַפּאַסען ראַבער און צין, אין וועלכען דער אַמעריקאַנער קריגס־דעפּאַרטמענט נויטיגט זיך שטאַרק. דער ענגלישער פּרעמיער טשעמבערלעין האָט דעם 4טען מאַי ערקלערט אָפען אין ענגלישען פּאַרלאַמענט, אַז עס האַלט דערביי, אַז אַזאַ האַנדעל זאָל דורכגעפירט ווערען. מען רעדט אויך, אַז צום געשעפט שטעהען צו האָלאַנד און בעלגיען.

אין גאַנץ אייראָפּע האָט די נייעס אַרויסגערופען אַן אויסערגעוועהנליכע סענסאַציע. מען האָט זיך געריבען די אויגען און געפרעגט: קען דאָס זיין אַז אויך די רייכסטע לענדער פון דער וועלט זאָלען זיך אומקערען צוריק צו דער אַלט־פרענקישער סיסטעם פון באַרטער און דורכפירען אַזאַ ריזיגען געשעפט אין גאַנצען אָהן געלד? אָבער עס איז דאָך אַ פאַקט, אַז אַמעריקע און ענגלאַנד האָבען ערנסט וועגען אַזאַ געשעפט פאַרהאַנדעלט. אַבי מען האָט געגלויבט, אַז געלד איז באַשאַפען געוואָרען מיט אָדם הראשון און וועט פאַרשווינדען ווען אונזער פּלאַנעט וועט פאַרפאַלען ווערען.

עס איז אמת, אַז דער פּלאַן האָט זיך דערזוי־לע אָנגעשטויסען אַן פילע שוועריגקייטען. די אַמעריקאַנער ראַבער מאַגנאַטען זיינען שטאַרק אין כעס, וואָס מען וויל דורכפירען אַזאַ געשעפט אָהן זיי. די ווייץ פאַרמערס פון אויסטראַליע און קאַנאַדע ווילען אויך זעהר שטאַרק ניט ליידען, וואָס צוליב דעם געשעפט וועלען זיי זייערע זאַפּאַסען ניט קענען פאַרקויפען. זיינען טאַקע אויסטראַליע און קאַנאַדע ענגלישע דאָמיניאָנס, וואו מען מאַכט גרויסע פאַראַדען פאַר דעם ענגלישען קעניג און מען ווערט הייזעריג זינגענדיג: „גאָד סעיוו דהי קינג“, אָבער געשעפט איז געשעפט. און ווי וויכטיג דער געשעפט זאָל ניט זיין פאַר די לעבענס־אינטערעסען פון ענגלאַנד, ווילען די דאָמיניאָנס ניט מוחל זיין זייערע פּראָפיטען.

ווייס מען נאָך ניט, וואָס פון דעם געשעפט וועט אַרויסקומען. אָבער דער פאַקט אַליין, אַז עס ווערט פאַרהאַנדעלט אַזאַ ריזיגער געשעפט, וואָס קען אַנטרעפען מיליאָנען דאָלאַר, וואָס דאַרף דורכגעפירט ווערען דורך באַרטער, דורך בייטען פון סחורות אויף סחורות, איז אַ צייכען פון אונזער צייט. דער פאַקט, וואָס מען זוכט איבערהויפּט אומצוקערען זיך צו אַן אַלט־פרענקישער סיסטעם, איז אַ סימפּטאָם אַז אונזער עקאָנאָמישער קערפּער איז ניט געזונט, אַז עס איז ניט גלאַט מיט דער איצטיגער סיסטעם, וואו אַזעלכע אַבנאָרמאַלע ערשיינונגען קומען פאָר.

אַז די באַרטער־סיסטעם איז אַבנאָרמאַל, דאָס איז זיכער. אָבער די עקאָנאָמישע ערשיינונגען, וואָס קומען פאָר אין נאַצי־דייטשלאַנד מוז מען פאַרשטעהן. מען קען זיי מיט דער האַנד ניט אַוועקמאַכען. די געפאַר פון נאַצי־דייטשלאַנד באַשטעהט אין דעם, וואָס זי פירט דורך איהרע אונמענשליכע פּלענער מיט אַ ווייטגעהענדער סיסטעם.

„נויט איז די מוטער פון ערפינדונג“, און געפינענדיג זיך אין אַ שווערער פינאַנציעלער לאַגע האָבען די דייטשע עקאָנאָמיסטען אויסגעפונען מעטאָדען, ווי צוצופּאַסען ווילדע באַגריפען צו די באַדערפעניששען פון דער צייט. איהרע עקאָנאָמישע פּלענער האָט טאַקע דורכגעפירט דער פינאַנציעלער מכשף שאַכט. אָבער דער פאַקט איז, אַז דער פונדאַמענט פאַר געזונטע עקאָנאָמישע פּלענער האָט געלעגט דער איד ראַטענוי, וועלכער איז פון די נאַציס ערמאָרדעט געוואָרען. ראַטענוי האָט אָנגעפאַנגען צוצופּאַסען די פּרימיטיווע סיסטעם פון באַרטער צו די באַדערפענישען פון דער צייט.

עס איז אַ לאַנגע געשיכטע פון דער צייט פון דער משוגענער אינפלאַציע, וואָס האָט געהערשט אין דייטשלאַנד ביז וואַנען דייטשלאַנד האָט אָנגעהויבען צו קומען צו זיך. דער פאַקט איז, אַז ראַטענוי האָט פיל געהאָלפען, אַז די דייטשע עקאָנאָמישע לאַגע זאָל ווערען געזונט. מיט די גרויסע הלוואות, וואָס דייטשלאַנד האָט געקריגען אין אַמעריקע און ענגלאַנד, האָט דייטשלאַנד אויפגעבויט ריזיגע פאַבריקען. זי האָט געבוים פיל סען קאָנפליקט, אָבער זי וועט זיכער ניט אויסמיידען אַן אינדירעקטען אָנטייל.

אָבער גאַנץ גלייך וואָס עס זאָל ניט זיין די האַלטונג פון אַמעריקע צו דער מלחמה אויף יענער זייט ים, אויב אַזעלכע זאָל אויסברעכען, וועט אָבער די אינערליכע פּאָליטיק פון אַמעריקע אויף יעדען אופן באַאיינפלוסט ווערען פון אַ מלחמה אויף יענעם זייט ים. מען קען לייכט פאָראויסזאָגען, אַז אויב די וואַהלען פון 1940 זאָלען פאָרקומען אין דער צייט פון אַ וועלט מלחמה וועט דער נעקסטער פּרעזידענט פון אַמעריקע זיין פרענקלין ד. רוזוועלט.

⁂

און פון דער גרויסער וועלט צו אונזער קליינער וועלטעל.

אָט האָט לאָקאַל 10 פון די קאַטערס אַ טעטיגען מיטגליד לואיס באַבריעל, וואָס איז 76 יאָר אַלט און וועלכער שניידט קלאָוקס שוין 55 יאָר.

דאָס איז זעהר אַ וויכטיגער יוביליי.

איך מוז זאָגען דעם אמת. אַז איך האַלט ניט זעהר שטאַרק פון די 50 אָדער 60־יעהריגע יובילייס, וואָס ווערען ביי אונז אין דער לעצטער צייט אַזוי אָפט געפייערט. איך גלויב, אַז אין אונזערע צייטען איז גאָר ניט קיין קונץ צו ווערען 50 יאָר אַלט. ווער ווערט עס איצט ניט 50 יאָר אַלט? יעדער חדר אינגעל, וואָס האָט נאָך ניט לאַנג צוריק געשפּילט אין קנעפּלאַך, ווערט דאָך איצט 50 יאָר אַלט. און עס איז אויך איצט קיין קונץ צו ווערען 60 יאָר אַלט, בפרט ווען מען אַרבייט ניט שווער און מען מאַכט אַ פיין לעבען. ווערען אָבער 76 יאָר, אַפּאַרבייטענדיג פון דעם אין שאַפּ 55 יאָר און זיין אַ טעטיגער מיטגליד אין דער יוניאָן, דאָס איז שוין, זעהט איר אַ קונץ, וואָס גאַנץ ווייניג קענען עס באַווייזען.

און מיר געפעלט אויך די ציפער 76. געוועהנליך איז מען זיך נוהג צו נעמען אַזעלכע ציפער ווי 50, 60, 70, 75 פאַר אַ יוביליי. איך ווייס ניט פאַר וואָס דאָס איז אַזוי. איך זעה ניט איין מיט וואָס, למשל, די ציפער 60 איז חשוב'ער ווי די ציפער 61. אין געגענטייל, איך האַלט אַז 61 איז וויכטיגער ווי 60, פשוט דערפאַר, וואָס איז מעהר און 76 איז דערפאַר וויכטיגער ווי 75.

היזער און געמאַכט די שטעדט שענער און באַקוועמער. די הלוואות האָבן געהאָלפן, אַז דייטשלאַנד זאָל זיך שטעלן אויף איהרע פיס. אויך די רעפּאַראַציעס לויט דעם יאַנג־פּלאַן זיינען ניט געווען קיין שווערע משא אויף דעם דייטשען פאָלק. דייטשלאַנד האָט פריי אָפּגעאָטעמט ביז וואַנען עס איז געקומען דער וועלט־קריזיס, פון וועלכען דייטשלאַנד איז שטאַרק געטראָפען געוואָרען.

אין יאָר 1931 איז אויף דער איניציאַטיוו פון דעם אַמעריקאַנער געוועזענעם פּרעזידענט הואווער דורכגע־פירט געוואָרען אַ מאָראַטאָריום. דייטשלאַנד האָט אויפ־געהערט צו צאָלען די רעפּאַראַציעס. זי האָט אָבער אויך אויפגעהערט צו צאָלען חובות, פון וועלכע זי האָט שטאַרק פּראָפיטירט. אין דייטשלאַנד איז געווען וועניג גאָלד אין אויסלענדישע וואַליוטע. מען האָט דעריבער שטאַרק באַגרעניצט דעם אריינפיר פון סחורות און מען האָט געמאַכט שוועריגקייטען ביים ארויספירען געלד פון לאַנד.

אין יאָר 1933 האָט שאַכט איינגעפירט דאָס, וואָס ער האָט גערופען שפּערמאַרקען. דייטשלאַנד האָט גע־דאַרפט צאָלען צינזען פאַר די הלוואות, וואָס אויסלאַנד האָט איהר געמאַכט מיט אַזאַ ברייטער האַנד. קיין פאַר־מאָלען באַנקראָט האָט שאַכט ניט ערקלערט, ער האָט אָבער די מאַרקען געשפּערט אין לאַנד. די וואָס האָבן גערדאַרפט קריגען די מאַרקען האָבן דאָס געלד געמוזט אויסגעבן אין דייטשלאַנד גופא.

עס זיינען איינגעפירט געוואָרען פאַרשיידענע סאָר־טען שפּערמאַרקען. די וויכטיגסטע סאָרטען זיינען: 1) די רעדזשיסטרירטע מאַרקען, 2) עפעקטען מאַרקען, און דער עיקר זיינען וויכטיג 3) די אַסקי מאַרקען. ווי אין אַלע לענדער, האָט אויך דייטשלאַנד אָנגענומען ראשי־תיבות פאַר לאַנגע ווערטער און „אַסקי" באַשטעהט פון די ראשי תיבות („אויסלאַנדס זאָנדערקאָנטען פיר אינלאַנדס צאַהלונגען" — אויסלענדישע רעכענונגען צו באַצאָלען אין דייטשלאַנד. אין דער צייט, וואָס רעדזשי־סטרירטע מאַרקען האָט מען געקענט באַנוצען אין דייטש־לאַנד בלויז פאַר קויפען לעבענס־מיטעל האָט מען פאַר „אַסקי" מאַרקען געקענט קויפען דייטשע סחורות.

ראַטענוי האָט איינגעפירט אין דייטשלאַנד אַ „ביי־לאַטעראַל" סיסטעם, אַ סיסטעם פון צוויי צדדים. ווען דער גאָלד־סטאַנדאַרד, עליו השלום, האָט עקזיסטירט אויף דער וועלט, פלעגט מען קויפען און פאַרקויפען ניט פאַר גאָלד, נאָר פאַר אויסלענדישע וועקסלען. אַ קאַ־טען־סוחר, אַז ער האָט פאַרקויפט קאַטען אין ליווערפּול, האָט פאַר זיינע קאַטען ניט געקריגען קיין געלד, נאָר אַ וועקסעל אויף איינעם, וואָס האָט געוואוינט אין אַמע־ריקע און איז שולדיג געווען געלד פאַר ענגלישע סחורות. אין גרעסטען טייל פלעגט זיך דער ארויספיר פון סחורות, דער עקספּאָרט הייסט עס, אויסגלייכען מיט'ן אריינפיר, מיט'ן אימפּאָרט. בלויז דער דיפערענץ פון עקספּאָרט מיט'ן אימפּאָרט פלעגט מען אויסגלייכען מיט גאָלד. האָט אַמעריקע פאַרקויפט מעהר סחורות ווי זי האָט געקויפט, האָט אַמעריקע געדאַרפט קריגען דעם אונטערשייד אין גאָלד; האָט אַמעריקע געקויפט מעהר ווי זי האָט פאַר־קויפט, פלעגט זי שיקען גאָלד. די מייסטע באַלאַנסען פלעגען זיך אָבער אויסגלייכען אויף אַן אויטאָמאַטישען אופן. דער האַנדעל צווישען לענדער איז געווען קאָמ־פּליצירט און פלעגט ארומנעמען פילע לענדער, פילע צדדים. די סיסטעם, וואָס ראַטענוי האָט איינגעפירט, איז געווען אַז דער האַנדעל זאָל זיך אויסגלייכען בלויז צווישען צוויי לענדער. מען פלעגט פאַרקויפען אין לאַנד פאַר אַ געוויסער סומע סחורות און פאַר דער זעלבער סומע פלעגט מען קויפען דאָרטען סחורות. אַזעלכע מסחרים זיינען דורכגעפירט געוואָרען פיל מיט סאָוועט־רוסלאַנד. דאָס איז געווען דער אָנפאַנג פון באַרטער אויף אַ מאָדערנעם אופן.

מיט דעם אריינטריט פון די נאַציס איז די סיסטעם פאַרברייטערט געוואָרען. ענגלאַנד איז ארונטער פון גאָלד־סטאַנדאַרד. אַמעריקע האָט דעוואַלואירט דעם דאָ־לאַר. שאַכט האָט דעם מאַרק ניט דעוואַלואירט. אַמאָל איז דער גאָלד קורס פון אַ מאַרק געווען ארום 25 סענט. איצט איז דער גאָלד קורס געוואָרען ארום 40 סענט. די זאַפּאַסען פון גאָלד זיינען אין רייכסבאַנק פאַרשוואונ־דען. וואָלט אין דייטשלאַנד געווען אַ פרייע עקאָנאָמישע סיסטעם, וואָלט דער מאַרק געזונקען. דער קורס ווערט אויפגעהאַלטען מיט צוואַנגס־מיטלען. אין אויסלאַנד אָבער איז דער קורס פון שפּערמאַרקען מיט 50 פּראָ־צענט ביליגער. שאַכט האָט די לאַגע זעהר פיל אויסגע־נוצט.

שאַכט האָט געצאָלט פאַר אויסלענדישע סחורות גוטע פרייזען אין מאַרקען. די מאַרקען זיינען געווען אין אויסלאַנד ביליג און די וואָס האָבן די מאַרקען באַ־קומען האָבן זיי געמוזט אויסגעבן אין דייטשלאַנד פאַר סחורות. מען האָט זיך געקענט באַנוצען מיט די „אַסקי" מאַרקען, אָבער בלויז פאַר פינף און צוואַנציג פּראָצענט פון דעם ווערט פון די סחורות.

פון אָנפאַנג האָט היטלער איבערהויפּט געוואָלט דורכפירען זיין משוגענעם פּלאַן פון „אויטאַרכיע", וואָס מיינט אַז דייטשלאַנד זאָל מאַכען שבת פאַר זיך און אויסקומען אין גאַנצען אָהן אויסלענדישען האַנדעל. אין סעפּטעמבער 1932 האָט גערינג פּראָקלאַמירט זיין פיר־יאָריגען פּלאַן צו דערגרייכען דעם דאָזיגען צוועק. ער האָט אָנגענומען מיטלען ארויסצוקריגען פון די פאַרמס וואָס מעהר און איבערהויפּט פאַבריצירען „ערזאַצען" (סאָבסטיטוטס). מען האָט אָנגעפאַנגען צו פאַבריצירען פון קוילען „בונא" אָדער ראָבער, פון האָלץ און שטרוי — וועב־מאַטעריאַלען א. א. וו. דער פּלאַן האָט זיך אָבער בלויז טיילווייז איינגעגעבן. צו פאַבריצירען ערזאַץ קאָסט זעהר טייער, און היטלער האָט געמוזט צוגעבען, אַז „אָדער דייטשלאַנד מוז עקספּאָרטירען אָדער שטאַר־בען". דייטשלאַנד מוז עקספּאָרטירען אום צו קריגען די נויטיגע מאַטעריאַלען, אין וועלכע זי נויטיגט זיך פאַר קריגס־צוועקען — קאַטען, ניקעל, בלעך ראָבער און פילע אַנדערע מאַטעריאַלען. אַגיט, קראָאַפּירט זי. האָט דייטשלאַנד דעריבער אָנגעפאַנגען צו בייטען סחורות אויף סחורות.

די האַנדעלס־אָפּמאַכען, וואָס דייטשלאַנד האָט דורכ־געפירט אין די באַלקאַנען־לענדער, זיינען פאַר איהר זעהר גינסטיג. דורך פאַרשידענע קונצן קריגן די פאַר־מער פון יענע לענדער פאַר די סחורות גוטע פרייזן. אָבער די לענדער זייערע אַלס גאַנצע פאַרלירען ביי דעם דאָזיגען מסחר. דייטשלאַנד האָט זיך איבערהויפּט אַנ־געפאַנגען וועניג צו צערעמאָנירען מיט די שוואַכע פעל־קער. יוגאָסלאַוויע האָט געמוזט צונעמען אַספּירין פאַר איהרע גוטע סחורות, רומעניע — טייפּרייטערס, צי זי דאַרף זיי צי זי דאַרף זיי ניט, און גריכענלאַנד האָט גע־מוזט צונעמען פייפלאַך, וויפיל מען האָט איהר געשיקט.

נאָך מינכען האָט נאַצי־דייטשלאַנד באַוויזען איהר אמת'ע געשטאַלט פאַר אייראָפּע. אָבער אין דרום־אַמע־ריקע פירט זי אַן איהר באַרטער־האַנדעל דורך פּראָפּאַ־גאַנדע־מעטאָדען און גינסטיגע באַדינגונגען, און זי האָט אויך ערפאָלג.

געפינט זיך דייטשלאַנד נאָך אַלץ אין אַ שווערער עקאָנאָמישער לאַגע צוליב די נאַצי־אַגענטורען. דאָס האָט אָבער מיט באַרטער גאָר ניט וואָס צו טאָן.

דער פאַקט איז, אַז די היינטיגע סיסטעם האָט גע־פירט צו אַזעלכע אבנאָרמאַלע ערשיינונגען, אַז מענשען זוכען נייע מיטלען, און ווי פּרימיטיוו די מיטלען זאָלען ניט זיין, זיינען זיי דאָך בעסער ווי די היינטיגע כאַאָטישע עקאָנאָמישע סיסטעם.

נאַצי דייטשלאַנד פּראָדוצירט פילע סחורות. די מייסטע סחורות זיינען אָבער וואָפען. אונטער'ן לאַסט פון וואָפען וועט דייטשלאַנד סוף כל סוף פאַלען. זי וועט פאַלען, טראָץ די ערפאָלגען, וואָס זי קען פאַרצייכענען אויף פאַרשיידענע געביטען. אַ געוויסען ערפאָלג קען זי פאַרצייכענען אויך מיט דער באַרטער־סיסטעם.

# פאַבלען :–: :–: פון נחום יוד.

## דער פוקס און דער אייזל

— „פון וואַנען וואַנדערעסטו דו, קלוגער מחה?
געגעבען האָט דער פוקס אַ פרעג
דעם אייזל, טרעפענדיג אים אויפ'ן וועג.
— „גאָר־וואָס פון לייב... נאָר וואו איז דאָס אין כח
זיין גרויסע קראַפט פון פריערדיגע טעג
אַהינגעקומען ?...
געדענקסט, ווי פון זיין מורא'דיגען ברומען
פלעגט ציטערען אַמאָל דער וואַלד,
און איך פלעג אויך זיך לאָזען לויפען אַן אַ זינען,
ניט קאָנענדיג אין שרעק קיין אָרט פון אים געפינען...
און איצטער איז ער שוואַך, און אַלט,
און שוין אינגאַנצען מאַכטלאָז געוואָרען;
ביי זיך אין הייל נאָר וואַלגערט ער זיך נאַכאַנאַנד, —
ועסט גלויבען? אַלע חיות האָבן פאַר זיין שטאַנד
די אימה און די אַכטונג שוין פאַרלאָרען
און איצט בטצאָלט מען אים פאַר אַל־די שרעק און שאַנד
פון פריערדיגע יאָרען
ווי ווער עס קאָן נאָר: מיט די ציין, צי מיט'ן האָרען"...
— „און דו? — געפרעגט האָט נייגעריג דער פוקס — איך גלויב
אַז דו האָסט ניט געוואָגט גאָר אָנרירען דעם לייב"...
— „און וואָס בין איך? — איז שוין דער אייזל בייז געוואָרען, —
איך האָב אים אויך אַ בריק געטאָן, געווים!
און זאָל ער וויסען ווער דער אייזעל איז".

אַזוי איז דאָס מיט חמורים: ביזט דו נאָר געהויבען
דאַן וואַגען זיי פאַר דיר דעם קאָפּ ניט אויפצוהויבען,
און פאַלסט דו נאָר אַראָנטער פון דיין גרויס,
דאַן וועלען זיי די ערשטע געבען דיר אַ שטויס.

## דער שטיין און דאָס שפּענדעל

אַ שפּענדעל, אָפּגעשפּאָלטען פון אַ האָלץ,
איז מיט'ן שטראָם געשוואומען שטאָלץ
פאַרביי אַ שטיין, וואָס איז ביים ברעג אַנטקעגן
אַן אומבאַוועגליכער געלעגען.
— „פאַר וואָס, — גע'חוזקט האָט דאָס שפּענדעל זיך פון טייך, —
פאַלסט דו אַראָפּ צום דעק פון אונטען גלייך,
און אויבען אויפ'ן וואַסער קאָנסט דו ניט פאַרבלייבען, —
און איך — פאַרקערט —
איך שווים אַהין וואוהין די שטראָמען טרייבען"...
— „איך מיין, — געענטפערט האָט דער שטיין פאַרקלערט, —
די זאַך איז גאַנץ געוויינליך:
איך גיי צום גרונד ווייל איך בין שווער,
און דו — דו וואַקלסט זיך אַהין־אַהער,
ווייל דו ביזט גרינג און קליינלאַך".

# ווידזשילאַנטי קאָמיטעס — פאַרמאַסקירטע סטרייק־ברעכער אָרגאַניזאַציעס

פון דר. הענרי דייוויד
און לואיס ג. סילווערבערג



לע „בירגער קאָמיטעטן", אומגעמאַכטעס וואו זיי געפינען זיך און ווי אַזוי זיי ווערן אָרגאַניזירט, געהען אונטער אַ פאַלשער מאַסקע. זיי זאָגען קיינמאָל נישט אָפען, אַז זיי זיינען אָרגאַניזירט מיט'ן צוועק צו ברעכען סטרייקס און צעשמעטערן יוניאַנס. זייערע נעמען און די צוועקען, וואָס זיי גיבען אָן אַז זיי האָבען זיך געשטעלט, זיינען אַלע מאָל אומשולדיגע און הויך־פּאַטריאָטישע.

אַזוי, צום ביישפּיל, איז די „סטייט סיטיזענס אַלייענס פון קאָלאָראַדאָ" אָרגאַניזירט געוואָרען אין 1904 צו ברעכען אַ רייע פון מיינער סטרייקס. דער פּרעזידענט אירער אַבער, אין זיין רוף צו עטאַבלירען דעם פאַרבאַנד איבער'ן גאַנצען סטייט, גיט אָן די אויפגאַבע פון דער אָרגאַניזאַציע „צו האַנדלען צוזאַמען האַרמאָניש אום צוריקצוהאַלטען דאָס פּאָליטישע אויסשפּרייטען זיך פון די סאָציאַליסטען און אַנאַרכיסטען". „די סיטיזענס פּראָטעקטיוו ליג אָוו סענטראַליא, וואַשינגטאָן", וועלכע איז פאַראַנטוואָרטליך פאַר עטליכע מאָרדען און געזעצליכע מאָרדען פון סטרייקער און סטרייק־פירער, איז אָרגאַניזירט געוואָרען אונטער דער מאַסקע פון „אַ ספּעציעלע אָרגאַניזאַציע צו באַשיצען די רעכט געגען די אַנגריפען פון אַלע שונאים פון דער רעגירונג". די „סיטיזענס פּראָטעקטיוו יוניאָן פון סאַן פראַנציסקאָ", אָרגאַניזירט מיט 60 יאָר צוריק, האָט זיך אין איר עפענטליכער פּראָגראַם פאַרפליכטעט „אויפצוהאַלטען דעם עפענטליכען פרידען; צו באַשיצען אייגענטום; צוריקשטעלען דעם צוטרויען און די זיכערקייט פון לעבען". — צו דערגרייכען אָט די צילען האָבען זיי באַוואָפענט כוליגאַנעס און זיי אַנגערייצט צו געוואַלד־טאַטען. די „סיטיזענס אַלייענס פון דענווער, קאָלאָראַדאָ", האָט פאַרשפּראָכען אין 1903 „צו ברענגען שטאַנדהאַפטיגקייט פון געשעפטען און שטענדיגע באַשעפטיגונג פאַר די אַרבעטער דורך ערמוטיגען פריינדליכע באַציהונגען צווישען אַרבעטסגעבער און אַרבעטער". זי האָט אַבער כלל ניט געצעגערט אַנצופירען אַ באַיקאָט געגען גרופּען וועלכע זיינען באַשולדיגט געוואָרען אין אַנהאַלטען פריינדליכע באַציהונגען מיט דער וועסטערן פעדערישאָן אָוו מיינערס אָדער די לאָקאַלע טרייד יוניאָן קערפּערשאַפטען. דאָס זעלבע איז געשען מיט דער סיטיזענס קאָמיטע פון סאַן פראַנציסקאָ אין 1921, וועלכע האָט, אונטער דער אומשולדיגער מאַסקע פון אַן אומפּאַרטייאישער קערפּערשאַפט, געשטיצט אַ פאַרזוך איינצופירען די אָפּען־שאָפּ סיסטעם אין דער בוי־אינדוסטריע און איז נאָכדעם פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין דער טרויעריג באַרימטער, מיליטאַנטער „אינדאַסטריעל אַסאָסיאיישאָן פון סאַן פראַנציקאָ", וועלכע האָט ערקלערט, אַז:

„קיין פאַרשטענדיגונג זאָל ניט געמאַכט ווערען צווישען אַרבעטס־געבער און אַרבעטער, וואָס איגנאָרירען די אינטערעסען פון דעם עולם, און קיין אַגרימענט זאָל ניט געדולדעט ווערען, וועלכער איז אומגעזעצליך אָדער להיפך דער פּאָליסי פון דער געזעלשאַפט".

כאָטש געוויינליך ווערען די בירגער־קאָמיטעטן געשאַפען פון די אַסאָסיאיישאַנס פון בעלי בתים, פּאַסירט עס מאַנכעס מאָל פאַרקערט, אַז די בירגער־קאָמיטעטן בויען אויף, פירען אָן און באַהערשען די אַסאָסיאיישאַנס. אַזוי, צום ביישפּיל, האָט דער בירגער־קאָמיטעט, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרען אין שיקאַגאָ אין 1921 צו צווינגען די בוי־אַרבייטער יוניאַנס, זיך אונטערצואוואַרפען דער אַנטשיידונג פון דזשאַדזש לאַנדיס, וועלכע איז געווען געגען די יוניאַנס, אָרגאַניזירט און פינאַנסירט די יוניאָן־ברעכערישע טעטיגקייט פון דער נעשאַנאַל אַסאָסיאיישאָן אָוו מאַנופאַקטשורערס און פון דער טשיימבער אָוו קאָמערס. ווען די נעשאַנאַל גאַרד האָט געמאַכט איהר איבערפאַל אויף דער הויפּט־קוואַרטיר פון דער „סיטיזענס עלייענס", וועלכע האָט געאַרבעט מעשים צו ברעכען דעם טראָק־דרייווער סטרייק אין מינעאַפּאָליס אין 1934, האָט גאָווערנאָר האָלסאָן דערקלערט: „די פאַרכאַפּטע באַווייזען האָבען באַשטעטיגט מיין באַשולדיגונג, אַז די סיטיזענס עלייענס דאָמינירט און קאָנטראָלירט דעם באַראַטונגס־קאָמיטעט פון די בעלי בתים". עס איז אויך באַוויזען געוואָרען, אַז די עלייענס האָט געצוואונגען אַנדערע גרופּען בעלי בתים אויסצופאָלגען איהרע באַפעלען.

די בירגער־קאָמיטעטן זוכען צו באַהאַלטען זייערע אמת'ע אַבזיכטען ניט נאָר דורך אָנגעבען פּאַטריאָטישע צילען אין זייערע פּראָגראַמען, נאָר אויך אין דעם צוזאַמענשטעל פון זייערע פירער און מיטגלידער. זיי זוכען אַנצוהאַלטען די פיקציע, אַז דער בירגער קאָמיטעט, ניט זייענדיג דירעקט פאַראינטערעסירט אין דעם באַשטימטען אַרבעטער־סכסוך, פאַרטרעט די אינטערעסען פון דעם עולם, וועלכע ווערען געשטעלט אין געפאַר דורך דעם קאַמף צווישען אַרבעטער און אַרבעטסגעבער. אַ גרינדליכע אונטערזוכונג, אַבער, פון דעם צוזאַמענשטעל פון די בירגער־קאָמיטעטן מאַכט קלאָר, אַז כאָטש די עפענטליכע אָרגאַניזאַטאָרען און פירער זיינען ניט דירעקט פאַרוויקעלט אין דעם באַשטימטען סכסוך צווישען די אַרבעטער מיט די בעלי בתים, זיינען זיי אַבער צוזאַמענגעשטעלט פון עלעמענטען וואָס זיינען שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דעם אויסגאַנג פון די קאַמפען. נאָך מיט דריי צענדליג יאָר צוריק איז אין דער קאָנסטיטוציע פון דעם בירגער־פאַרבאַנד פון דענווער אַריינגעשריבען געוואָרען, אַז „מיטגלידער פון פאַרבאַנד קענען זיין מענשען, פירמעס, אַסאָסיאיישאַנס אָדער קאָרפּאָריישאַנס וועלכע פאַרמאָגען אייגענטום אָדער זיינען פאַרבונדען אין געשעפטען אין שטאַט קאָלאָראַדאָ און וועלכע זיינען ניט קיין מיטגלידער אין אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס". דאָ די לעצטע צייטען געפינען מיר, אַז דער „בירגערליכער געזעץ און אָרדנונג פאַרבאַנד" פון קענטאָן, אָהייאָ, האָט געקראָגען די שטיצע פון דעם טשיימבער אָוו קאָמערס, דעם קענטאָן עקסטשיינדזש קלאָב (באַנקירען), דער ריטייל מוירטשענטס באָאַרד, די אינדעפּענדענט גראָסערס אַסאָסיאיישאָן (קרעמער), די קלירינג הויז אַסאָסיאיישאָן (סוחרים) און די אַמעריקען לידזשיאָן (געוועזענע סאָלדאַטען).

פינאַנציעלע מיטלען און פירערשאַפט פאַר די „געזעץ און אָרדנונג פאַרבאַנדען" ווערט געצויגען פון די פירענדע אַנטי־יוניאָן עלעמענטען אין דער געזעלשאַפט. דער פּרעזידענט פון דער סיטיזענס פּראָטעקטיוו ליג פון איידעהאָ ספּרינגס, קאָלאָראַדאָ, איז געווען דער מענעדזשער פון דער לאַמאַרטין מאַין און פּרעזידענט פון דער פוירסט נעשאַנאַל באַנק פון שטאָדט, ל. האַטשעטע; דער מענעדזשער־סעקרעטער פון דער סיטיזענס ליג פון סענטראַליא, וואַשינגטאָן, איז געווען דער טרויעריג באַרימטער יוניאָן־ברעכער ג. פּ. ראַסעל און דער טשערמאַן איז געווען פּ. ב. האַבאַרד, פּרעזידענט פון דער באַסעס אַסאָסיאיישאָן אין וואַשינגטאָן סטייט און הויפּט עקזעקוטיוו פון דער איסטערן רעילוועי און לאַמבער קאָמפּאַני; ווען די כוליגאַנעס האָבען מיט ביקסען אין די הענט אַרויסגעטריבען די יוניאָן אָרגאַנייזערס פון דזשאָנסטאָן, פּענסלווייניא, אין דעם שטאָל־סטרייק אין 1919, זיינען זיי אָנגעפירט געוואָרען פון דעם פּרעזידענט פון שטאָדטישען טשיימבער אָוו קאָמערס, ה. ל. טרעדעניק. דאָס זעלבע קען מען געפינען אין יעדער ווידזשילאַנטי־אָרגאַניזאַציע פון דער פאַרגאַנגענהייט און געגענוואַרט. צי דאָס איז די קאָמיטע צו דורכפירען די לאַנדיס אַנטשיידונג פון שיקאַגאָ; דער בירגער פאַרבאַנד פון ענדערסאָן, אינדיאַנאַ; דער פלינט פאַרבאַנד; די מאַסילאָן געזעץ און אָרדענונג ליג; דער דזשאָהנסטאָן בירגער קאָמיטעט; די דזשאָנס און לאַפלין קאָנסטיטושאַנעל דעפענס ליג — זיי אַלע זיינען אָנגעפירט געוואָרען פון די זעלבע עלעמענטען.

די ריזיגע סומען געלט, וואָס די בירגער־קאָמיטעטן קריגען אַריין, ווייזען אויך אָן אויף דעם סאָרט מענשען און גרופּען וואָס אָרגאַניזירען זיי און באַנוצען זיך מיט זיי. די ערשטע פאַרזאַמלונג פון דעם בירגער־קאָמיטעט אין דזשאָהנסטאָן אין 1937 איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען דעם 14טען יוני. מיט אַכט טעג שפּעטער האָבען פערציג גרויסע צייטונגען איבער'ן גאַנצען לאַנד געדרוקט פולע זייטען אַדווערטייזמענטס אָנגעבענדיג די צוועקען, די פאַרדינסטען און די אורזאַכען וואָס האָבען זיי באַוואויגען צו אָרגאַניזירען דעם קאָמיטעט. די קאָסטען פון די אַדווערטייזמענטס ווערען געשאַצט אין 65,000 דאָלאַר. אין 1878 האָט דער זיכערהייט־קאָמיטעט פון סאַן פראַנציסקאָ געזאַמעלט 58 טויזענט דאָלאַר אין זיין ערשטען קאַמפּיין. דער „בירגער פאַרבאַנד" פון מינעסאָטאַ האָט ערקלערט, אַז די אויסגאַבע פון 25,000 דאָלאַר צו ברעכען דעם טראָק־דרייווערס סטרייק אין 1916 איז „ווערט געווען דאָס געלט". אין 1921 איז אַ געזעץ און אָרדנונג ליגע אין קאַליפאָרניע פאַרשפּראָכען געוואָרען איינס מיט אַ פערטעל מיליאָן דאָלאַר צו ברעכען די בילדינג טרייד יוניאַנס און אין די נעקסטע פיר יאָר האָט די אָרגאַניזאַציע אויסגעגעבען אַרום צוויי מיליאָן דאָלאַר אין איהר פאַרזוך צו ברעכען די יוניאַנס. עס ווערט געשאַצט, אַז זיי האָבען געזאַמעלט דורך דער צייט אַרום זעקס מיליאָן דאָלאַר. דעם זעלביגען יאָר (1921) האָט דער „בירגער קאָמיטעט אַרויסצוצווינגען די לאַנדיס אַנטשיידונג" פון שיקאַגאָ, וועלכע איז באַשאַפען געוואָרען דורך דער אילינאָי מאַנופאַקטשורערס אַסאָסיאיישאָן, די שיקאַגאָ טשיימבער אָוו קאָמערס, די שיקאַגאָ עמפּלאָיערס אַסאָסיאיישאָן און וויכטיגע אינדוסטריעלע און קאָמערציעלע פירמעס אַנאָנסירט, אַז עס וועט שאַפען אַ פאָנד פון דריי מיליאָן דאָלאַר אויסצוגעבען אויף סטרייק־ברעכער און באַשיצען אָפּען־שאָפּ אונטערנעמונגען כדי צו ברעכען די בוי־אַרבעטער יוניאַנס וועלכע האָבען צוריקגעוויזען די לאַנדיס אַנטשיידונג. מיט פיר יאָר שפּעטער האָט די קאָמיטע ערקלערט, אַז זי האָט אויסגעגעבען צוויי מיליאָן דאָלאַר. אין קליוולאַנד איז די „ליג", וואָס די אַמעריקען פּלען אַסאָסיאיישאָן האָט אָרגאַניזירט, פינאַנסירט געוואָרען, זאָגט מען, אויף אַ סומע פון פינף מיליאָן דאָלאַר.

די דרייווס, ביישטייערונגען, איינטריט געלט און אַסעסמענטס, דורך וועלכע מען שאַפט אָט די ריזיגע סומען געלט, ווערען גענומען פון די פינאַנצען פון רייכע, אַנטי־יוניאָן גרופּען. געוויינליך ווערען ניט אָנגעגעבען די אמת'ע צוועקען, פאַר וועלכע דאָס געלט ווערט פאַרווענדעט. די אויסגאַבען אויף ביקסען, אַמוניציע און לעצטענס אויף גאַז־באָמבעס און גאַרילאַס, ווערען געהאַלטען געהיים. די יוניאָן־ברעכערישע צוועקען פון אָט די ווידזשילאַנטי קאָמיטעס ווערען געוויינלאַך פאַרדעקט דורך אַ מבול פון פּאַטריאָטישע פראַזען. דער פירער פון דער קאָמיטע אין שיקאַגאָ האָט מודה געווען, אַז זיי האָבען ביים אַפּעלירען פאַר פינאַנציעלע ביישטייערונגען קיין מאָל זיך ניט באַנוצט אָפען מיט דער דערקלערונג, אַז זיי זוכען איינצופירען אָפען שאָפּ, נאָר זיי האָבען אַפּעלירט אויפ'ן גרונט וואָס זיי זוכען אָפּצורייניגען די קאָרופּציע אין דער בוי־אינדוסטריע, טענה'נדיג, אַז דער איינציגער וועג ווי אַזוי צו באַשיצען זיך אויף אייביג פון סטרייקס און קאָרופּציע איז דורך איינפירען אָפען שאָפּ. די קאָמיטע האָט באַשטייערט די קאָנטראַקטאָרס אויף בוי־אונטערנעמונגען אין קוק קאָונטי מיט איינס פּראָצענט פון פרייז פאַר דער געביידע, דערקלערענדיג עס אַלס „ביישטייערונג פון דעם אייגענטימער פון דער געביידע פאַר דער טעטיגקייט פון בירגער־קאָמיטעט וועלכער פאַרזיכערט אומאונטערבראָכענע אַרבעט".

מאַנכעס מאָל זיינען די ריזיגע סומען געלט, וואָס זיינען געשאַפען געוואָרען פאַר די ניי־אָרגאַניזירטע בירגער־קאָמיטעטן געווען די אורזאַכע, וואָס האָט אויפגעהאַלטען זייער עקזיסטענץ אַ לאַנגע צייט נאָכדעם ווי די באַלדיגע סיבה וואָס האָט זי צום לעבען געבראַכט איז שוין געווען פאַראיבער. אַזוי, צום ביישפּיל, האָט דער בירגער־פאַרבאַנד פון סיינט פּאָול, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרען צו ברעכען אַ סטרייק פון טראַנספּאָרט־אַרבעטער, געשאַפען גענוג געלט דורכצופירען זיין באַלדיגע אויפגאַבע און אָנפירען זיין טעטיגקייט עטליכע יאָר.

אַלס כלל האָבען אָט די קאָמיטעטן, וואָס ווערען אָרגאַניזירט צוליב אַ באַשטימטען אַרבעטער־קאַמף, די טענדענץ אויפצולעבען מיט יאָרען שפּעטער אין דעם זעלבען געגענד. דאָס מיינט ניט, אַז די ווידזשילאַנטי־קאָמיטעס האַלטען אָן אַ שטענדיגע אָרגאַניזאַציע וואו נאָר זיי ווערען געשאַפען. עס מיינט בלויז, אַז דאָרט וואו אַן אָרגאַניזאַציע איז איין מאָל אויפגעקומען, איז עס זיכער אַז ענליכע אָרגאַניזאַציעס קומען־אויף ביי יעדער געלעגענהייט. די אורזאַכע איז די פינאַנציעלע קוואַלען און די נאַטור פון דער פירערשאַפט און מיטגלידער פון די קאָמיטעס. איין מאָל ווערט אַזאַ קאָמיטע געשאַפען איז זי ניט באַגרענעצט צו איין אינדוסטריע, אין וועלכער אַ קאַמף האָט איהר צושטאַנד געבראַכט. ווען דער באַשטימטער סטרייק איז געענדיגט, קען די זעלביגע אָרגאַניזאַציע געברויכט ווערען פאַר סטרייק־ברעכעריי אָדער יוניאָן־ברעכעריי אין וועלכען עס איז אַנדער צווייג, אָדער אויף אָפּשוואַכען און פאַרניכטען די יוניאַנס אין אַ געגענד, אַ שטאָדט אָדער אַ סטייט. די עלעמענטען

# די אנטשטייאונג פון טרייד יוניאנס און ארבייטער פארטייען אין אמעריקע

פון א. יאזעפסאן.

## די יונייטעד לייבאר פארטיי אין יאר 1886

אין דעם יאר 1886 זיינען פארגעקומען גרויסע מאסען-קאמפען און שטורמישע אויפברויזען פון דער אמעריקאנער ארבעטערשאפט, סיי אויפ'ן עקאנאמישען, סיי אויפ'ן פאליטישען געביט.

דער אמעריקאנער קאפיטאליזם האט זיך אין יענע יארען — פון 1880 ביז 1890 — שטארק צובליט און אנטוויקעלט. עס זיינען דעמאלט אנטשטאנען די טראסטען און מאנאפאל אינדוסטריען, וואס האבען ארויסגעשטויסען די קליינע פאבריקאנטען און די קליין-הענדלער. די טראסטען און די גרויסע אינדוסטריאליסטען האבען נישט נאר צוקוועטשט און ארויסגעשטופט די קליינע אונטערנעמונגען און קליינע סוחרים פון האנדעל און געשעפט, נאר האבען אויך ארויפגעלעגט זייערע לאפעס אויף דער ארגאניזירטער ארבייטערשאפט אין אמעריקע.

אויב אין 1836 האבען די אמעריקאנער געריכטען ערקלערט יעדע ארבעטער ארגאניזאציע, וואס האט געפאדערט העכערע ווידזשעס אלס א קאנספיראטיווע ארגאניזאציע אין די ארבעטער, וואס האבען געקעמפט פאר העכערע שכירות, זיינען געווארפען געווארען אין די טורמעס, האבען די דזשאדזשעס און די דזשוריס אין 1886 פארורטיילט מאסען ארבעטער, וואס האבען געוואגט צו באיקאטירען א פירמע, וואס האט געקעמפט קעגען דער יוניאן. די היגע ארבעטערשאפט האט דערפילט, אז דער איינציגער מיטעל צו באשיצען זייערע רעכט און דערשלאגען זיך א בעסערען לעבען איז נאר דורך קאמף.

פון דעם יאר 1885 ביז 1886 איז די מיטגלידערשאפט פון דער דעמאלדיגער ארבעטער ארגאניזאציע, די נייטס אוו לייבאר, אויסגעוואקסען ביז זעקס הונדערט טויזענט מיטגלידער. די ארבעטער פון גאנץ אמעריקע האבען אין 1886 אנגעפירט א העפטיגען קאמף פאר אן אכט שעה'דיגען ארבעטס-טאג. עס זיינען פארגעקומען ריזיגע ארבעטער-דעמאנסטראציעס אין די גאסען פון שיקאגא, וויסקאנסין און אין אנדערע שטעדט פאר דעם אכט שעה'דיגען ארבעטס-טאג, וואו פיל ארבייטער-בלוט איז פארגאסען געווארען אין וויסקאנסין, און אין שיקאגא האט זיך עס געענדיגט מיט דער היימארקעט טראגעדיע.

די ארבעטער אין אמעריקע האבען געזעהן, אז יעדער עקאנאמישער קאמף איז א פאליטישער קאמף און יעדער פאליטישער קאמף איז אן אויסדרוק פון עקאנאמישע אינטערעסען, האבען זיי גענומען אויסנוצן דעמאלט דעם פאליטישען קאמף אלס א וואפען און קאמפס-מיטעל פאר זייערע אינטערעסען.

אין יאר 1886 איז ספאנטאן, כמעט נישט ארגאניזירט, אויסגעוואקסען אן ארבעטער-פארטיי אין אמעריקע, וואס האט זיך גערופען: די יונייטעד לייבאר פארטיי.

די יונייטעד לייבאר פארטיי האט אנגעפירט א ברייטע און שטארקע פאליטישע קאמפאניע אין 1886 אין ניו יארק, שיקאגא, וויסקאנסין און אין צענדליגע אנדערע שטעדט. אבער דער מערקווירדיגסטער פאליטישער וואל-קאמף איז אנגעפירט געווארען פון דער לייבאר פארטיי אין ניו יארק.

די דיסטריקט אסעמבלי פון דער נייטס אוו לייבאר אין ניו יארק האט געהאט נאענט פון זעכציג טויזענט מיטגלידער. און כאטש די קאנסטיטוציע פון דער נייטס אוו לייבאר האט פארבאטען די ארבעטער צו נעמען א זעלבסטשטענדיגען פאליטישען אנטייל אין וואל-קאמפען און די פירער פון דער סענטראל לייבאר יוניאן האבען זיך אקטיוו באטייליגט אין די רעפובליקאנער און דעמאקראטישע פארטייען, דאך האבען די ארבעטער מיט א ריזיגער מאיאריטעט באשלאסען אינ'ם יאר 1886 יא אנטייל צו נעמען זעלבסטשטענדיג אין פאליטישען וואל-קאמף.

די סאציאליסטען זיינען געווען דעמאלט גוט ארגאניזירט אין דער סענטראל לייבאר יוניאן און האבען געהאט די טעגליכע „פאלקסצייטונג", וואס האט געשפילט אן אנפירענדע ראל צווישען די דייטשע ארבעטער. די סאציאליסטען זיינען געשטיצט געווארען, אין דער סענטראל לייבאר יוניאן, מיט זייער פארשלאג פאר א זעלבסטשטענדיגער פאליטישער ארבעטער-אקציע פון די אירישע נאציאנאליסטען, סינגעל טעקסערס, אנטי מאנאפאליסטען און אנטי פאווערטי (ארימקייט) מענשען.

דעם 5טען אויגוסט, 1886, איז פארגעקומען א קאנפערענץ פון דער ניו יארקער סענטראל לייבאר יוניאן. עס זיינען געקומען פיר הונדערט דעלעגאטען און עס איז באשלאסען געווארען ארויסצושטעלען אלס קאנדידאט פאר מעיאר פון דער פאראייניגטער ארבעטער-פארטיי דעם באקאנטען פרעדיגער און פירער פון דער סינגעל-טעקס-באוועגונג, הענרי דזשארדזש.

הענרי דזשארדזש איז געווען א מערקווירדיגע און אינטערעסאנטע פערזענליכקייט. ער איז אין די יונגע יארען געווען א זעצער, שפעטער א צייטונג-שרייבער. ער האט אנגעשריבען א בוך מיט'ן נאמען „פראגרעס און ארימקייט", וואו ער האט זיך באמיט צו באווייזען, אז ווען די רעגירונג זאל ארויפלעגן א טעקס אויף די גרויסע אייגענטימער פון לאנד און דאס געלט פון דעם טעקס זאל פארוועגדט ווערען פאר דעם נוצען פון דער באפעלקערונג, וועט ארימקייט אפגעשאפט ווערען. און כאטש די אידייע פון א סינגעל-טעקס איז געווען אן אוטאפיע, דאך האט הענרי דזשארדזש זעהר פיל אויפגעטאן אלס אגיטאטאר, וואס האט דראמאטיזירט פאר דעם אמעריקאנער עולם דאס פראבלעם פון ארימקייט און רייכקייט. אחוץ דעם האט ער אויך געפרעדיגט סאציאלע רעפארמען פאר די ארבעטער און ארימע פאלקס-מענשען.

ווען א קאמיטע פון דער לייבאר-פארטיי האט איבערגעגעבען הענרי דזשארדזש'ן, אז ער איז נאמינירט געווארען אלס מעיאר פון ניו יארק פון דער סענטראל לייבאר יוניאן, האט ער געזאגט, אז ער וועט אננעמען די נאמינאציע בתנאי, אז דרייסיג טויזענט אונטערשריפטען זאלען געזאמעלט ווערען, וואס שטיצען זיין קאנדידאטור. אין סעפטעמבער, 1886, זיינען 39 טויזענט אונטערשריפטען געזאמעלט געווארען, וואס האבען אונטערשטיצט הענרי דזשארדזש אלס מעיאר קאנדידאט.

אין זיין נאמינאציאנס-רעדע האט הענרי דזשארדזש דערקלערט, אז „די ארבעטער פארטיי דארף זיך שטעלען אלס א ציל אפצושאפען די אינדוסטריעלע שקלאפעריי, פונקט ווי די רעפובליקאנער פארטיי האט אפגעשאפט די שקלאפעריי אלס אייגענטום פון דעם שקלאפען-האלטער".

אין דער פלאטפארמע פון דער יונייטעד לייבאר פארטיי אין 1886 זיינען געווען די פאדערונגען: די רעגירונג זאל איבערנעמען די אייזענבאנען, טעלעגראף, דעם שטאטישען פארקער, ווי טראמווייען און אנדערע קאמוניקאציע-מיטלען, אפשאפען קינדער ארבעט, איינפירען א קורצען ארבעטס-טאג, די רעגירונג זאל געבען די ארבעטסלאזע געזעלשאפטליכע ארבעט, און אנדערע סאציאלע רעפארמען.

טעמעני האל האט ארויסגעשטעלט דעמאלט אלס מעיאר-קאנדידאט דעם טשערמאן פון דער נאציאנאלער דעמאקראטישער פארטיי און איינער פון די גרעסטע אייזען-פאבריקאנטען, איברעהעם יואיט. די רעפובליקאנער האבען ארויסגעשטעלט אלס מעיאר-קאנדידאט טעאדאר רוזוועלט'ן, וועלכער איז שפעטער געווארען דער פרעזידענט פון די פאראייניגטע שטאטען פון אמעריקע.

דער וואל-קאמף פון דער לייבאר-פארטיי אין ניו יארק אין 1886 מיט הענרי דזשארדזש אלס מעיאר-קאנדידאט איז געווען איינער פון די היציגסטע און שטארקסטע, וואס אמעריקע האט ווען עס איז דורכגעמאכט. און אפילו סעמיועל גאמפערס, דער געוועזענער פרעזידענט פון דער אמעריקען פעדערייששאן אוו לייבאר, וואס האט זיך געהאלטען ביי דער פארמולע: „באשטראף דיינע פיינט און באלוין דיינע פריינט", איז אויך הינגעריסען געווארען אין דעם דאזיגען פאליטישען קאמף. גאמפערס האט אפען דערקלערט: „כאטש א זעלבסטשטענדיגע פאליטישע אקציע פון די ארבעטער אפעלירט נישט צו מיר, דאך שטיי איך אונטער דעם דאזיגען פאליטישען קאמף פון די ארבעטער אלס אן אויסדרוק פון פראטעסט און אלס דעמאנסטראציע פון די ארבעטער פאר בעסערע וואוינונגען, בעסערע שפייז, קלענערע פרייזען און א בעסער לעבען".

דער צענטראלער ארגאן פון דער סאציאליסטישער ארבעטער פארטיי, „דער סאציאליסט", האט אין דער צייט פון הענרי דזשארדזש קאמפיין געשריבען: „הענרי דזשארדזש איז נישט קיין סאציאליסט, זיין פראגראם איז נישט קיין סאציאליסטישע, אבער הענרי דזשארדזש שטעלט ארויס סאציאליסטישע פאדערונגען, און אויב ער וועט ערוויילט ווערען, וועט עס זיין א שטארקער קלאפ פאר'ן קאפיטאליזם". אין דער היץ פון דעם וואל-קאמף האט „דער סאציאליסט" געשריבען: „הענרי דזשארדזש, א געבוירענער אמעריקאנער, הויבט אויף אונזער פאן . . . מיר לעבען דורך א פעריאד פון א רעוואלוציע אין דער שטאדט ניו יארק".

די ניו יארקער יוניאנס האבען געגעבען גרויסע סומען געלט פאר דער פאליטישער קאמפאניע פון הענרי דזשארדזש. אחוץ די טעגליכע „פאלקסצייטונג", די וואכענבלעטער „אייריש לידער", „דער סאציאליסט", וואס האבען געשטיצט און אגיטירט פאר דעם ארבעטער-קאנדידאט הענרי דזשארדזש, האבען די ארבעטער, מיט דער הילף פון ליבעראלען און אינטעלעקטואלען, געגרינדעט א טעגליכע ענגלישע צייטונג „לידער", וועלכע האט געהאט א צירקולאציע פון הונדערט טויזענט.

---

צווישען די פאבריקאנטען, סוחרים, באנקירען און מיטעל-קלאס גרופען, וואס שטיצן אזא ארגאניזאציע אין צייט ווען עס גייט אן א באשטימטער ארבעטער-קאמף, פילען אז זיי קענען זיך מיט איהר באנוצן ביי אנדערע געלעגענהייטען און זיי הערען נישט אויף צו שטיצען איהר.

אזוי איז, צום ביישפיל, די ערשטע סיטיזענס קאמיטע אין סאן פראנציסקא געבוירען געווארען און זיך אויפגעלייזט אין 1877. דעם נעקסטען יאר איז זי אויפגעשטאנען תחית המתים אי אין סאן פראנציסקא אי אין אוקלענד, דערנעבען. פון אנהויב פון דעם יארהונדערט ביז 1908 האט אויפגעבליט דער „בירגער פארבאנד", וועלכער האט ווידער אויפגעלעבט אין 1910 און 1911 צו באקעמפען די יוניאנס און איז אויך ווידער ערשינען אויף דער ארענא אין אוקלאנד. מיט צען יאר שפעטער איז דארט אויפגעקומען דער מעכטיגער „אינדוסטריעלער פארבאנד", וועלכער איז אויפגעבויט געווארען פון די איבערבלייבאכצען פון דעם „בירגער קאמיטעט".

אזוי זיינען אויך אין קאלאראדא אויפגעקומען די בירגער-קאמיטעטען ווי שוואמען נאך א רעגען באלד נאכדעם ווי עס איז ארגאניזירט געווארען דער בירגער-פארבאנד אין דענווער אין 1903. דער פארבאנד אין סיינט פאול, נאכדעם ווי ער האט געבראכען דעם טימסטער סטרייק אין 1920, איז פארוואנדעלט געווארען אין א פערמאנענטער, מעכטיגער ארגאניזאציע. די סיעטלער קאמיטע איז געבליבען עקזיסטירען אפילו נאך 1920, ווען דער טערמין פון דער לענדיס-אנטשיידונג צוליב וועלכער זי איז ארגאניזירט געווארען איז אויסגעגאנגען. אין קליוולאנד האט דער בירגער-קאמיטעט, נאכדעם ווי ער האט געבראכען דעם סטרייק פון די בוי-ארבעטער יוניאנס, אין 1926, געמאכט א פארזוך צו פארניכטען די אנדערע יוניאנס אין שטאדט. אין 1937 האט איינער פון די פירער פון בירגער קאמיטעט פון דזשאהנסטאון באוויזען ווי דער אפעטיט זייערער איז געוואקסען, זיך אויסדריקענדיג: „דער אפרוף אויף אונזער אפיל איז געווען א גרויסע דערמוטיגונג פאר אונזער קאמיטע און מיר וועלען טאן אלץ וואס מיר וועלען קענען צו פארזיכערען, אז דאס וואס איז פארגעקומען דא אין שטאדט (דער שטאל-סטרייק) זאל נאך אמאל ניט געשען, ניט אין דזשאהנסטאון און ניט אין קיין אנדער שטאדט אין אמעריקע".

פון די אלע פאקטען, וואס מיר האבען דא געבראכט, ווערט קלאר, אז די אזוי גערופענע „בירגער קאמיטעטען" זיינען איינפאך סטרייק-ברעכער אגענטורען, אויפגעבויט און אנגעפירט פון יוניאן פרעסערישע בעלי בתים ארגאניזאציעס, קאפיטאל מאגנאטען און פון דעם מיטעל-קלאס וואס איז געגנעריש אדער פיינדליך צו די ארגאניזירטע ארבעטער. זיי זיינען נישט אויסקלייבעריש אין די מיטלען וואס זיי באנוצען צו ברעכען סטרייקס און פארניכטען יוניאנס. גוואלדטאטען, געווער, גארילאס און אלע אנדערע מיטלען זיינען כשר. זיי היטען זיך אבער ניט ארויסצואווייזען אפען זייער אמת'ן פרצוף און זוכען זיך צו באהאלטען אונטער אן אומפארטייאישער מאסקע און פאטריאטישע פרזוען. זיי זוכען אלע מאל צו געווינען אויף זייער זייט די עפענטליכע מיינונג. ווי אזוי זיי טוען זייער פראפאגאנדע-ארבעט, דאס וועלען מיר אנווייזען אין נעקסטען און לעצטען ארטיקעל.

הונדערטער גאַסען פאַרזאַמלונגען זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין ניו יאָרק פאַר הענרי דזשאָרדזש'ן. אויף דער פּלאַטפאָרם, וואו הענרי דזשאָרדזש האָט גערעדט, האָט מען געזען זיצען אַלע אַרבעטער־פירער מיט סעמיועל גאָמפּערס, פּרעזידענט פון דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר; טערענס פּאַודערלי, גרענד מאַסטער פון דער נאַיטס אָוו לייבאָר, און דעניעל דעליאָן, דער שפּעטערדיגער פירער פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי פון אַמעריקע.

אויף דעם צווייטען טאָג נאָך די וואַלען האָט די עלעקשאָן באָארד געמאָלדען, אַז דער טעמעני האָל קאַנדידאַט יואיט האָט געקראָגען נייצניג טויזענט שטימען; דער רעפּובליקאַנער קאַנדידאַט, טעאָדאָר רוזוועלט, האָט געקראָגען זעכציג טויזענט שטימען, און הענרי דזשאָרדזש, קנאַפּע אַכט און זעכציג טויזענט שטימען. דאָס הייסט, אַז עס האָט געפעלט צוויי און צוואַנציג טויזענט שטימען, אַז הענרי דזשאָרדזש זאָל ווערען מעיאָר פון ניו יאָרק.

סעמיועל גאָמפּערס, געוועזענער פּרעזידענט פון דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר, וועלכער האָט געהאַסט זעהר פיל פון די טעמעני־מעטאָדען, האָט ערקלערט: „די רעפּובליקאַנער פּאַרטיי האָט אַרויסגעשיקט בריוו צו די רעגיסטרירטע רעפּובליקאַנער ווילער, אַז זיי זאָלען דאָס מאָל שטימען פאַר דעם טעמעני־קאַנדידאַט, און אַז טעמעני האָל האָט דעמאָלט באַנוצט די עקעלהאַפטסטע מיטלען און מעטאָדען, אַז איר קאַנדידאַט זאָל ערוויילט ווערען". דערביי דאַרף מען נישט פאַרגעסען, אַז דער באָס פון טעמעני האָל איז דעמאָלט געווען דער באַרימטער נפש ריטשאַרד קראָקער.

אין דער ביאָגראַפיע פון הענרי דזשאָרדזש ווערט דערציילט, אַז אַ פאָרשטייער פון טעמעני האָל האָט זיך באַגעגענט מיט הענרי דזשאָרדזש'ן אַ פּאָר וואָכען פאַר די וואַלען. דער פאָרשטייער פון טעמעני האָל האָט פאָרגעשלאָגען הענרי דזשאָרדזש'ן, אַז ער זאָל מאַכען אַ רייזע קיין אייראָפּע און טעמעני האָל וועט דעקען די הוצאות. אחוץ דעם וועט איהם טעמעני מאַכען פאַר אַ קאָנגרעסמאַן, ווען ער, הענרי דזשאָרדזש, וועט נאָך זיין אין אייראָפּע, אַזוי אַז ער וועט קענען גלייך קומען קיין וואַשינגטאָן, מיט דעם באַדינג, אַז הענרי דזשאָרדזש זאָל זיך צוריקציהען אַלס מעיאָר־קאַנדידאַט. הענרי דזשאָרדזש האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט פון טעמעני'ס טובות (זעה: „דהי לייף אָוו הענרי דזשאָרדזש", צווייטער באַנד, זייט 463).

די אַרבעטער פון ניו יאָרק זיינען געווען צופרידען מיט דעם אויסגאַנג פון דעם וואַל־קאַמף, כאָטש זייער קאַנדידאַט הענרי דזשאָרדזש איז נישט ערוויילט געוואָרען. דזשאָן סווינטאָן, איינער פון די פירער פון דער וואַל־קאַמפּאַניע פאַר דעם אַרבעטער־קאַנדידאַט, האָט גלייך אויפ'ן צווייטען טאָג דערקלערט: „די נייע פּאָליטישע כחות, וואָס זיינען באַשטאַנען פון פרישע רעקרוטען, האָבען געגעבען אַן ערשטוינענדען קלאַפּ, אונטער די אומשטענדען, די ביידע גרויסע פּאַרטייען פון וואָל סטריט און מאָנאָפּאָליסטען".

אָבער גלייך נאָך די וואַלען האָט זיך אָנגעהויבען אַ קאַמף אין די רייען פון דער לייבאָר פּאַרטיי. די סינגל טעקסערס און אַנדערע ליבעראַלען האָבען געגלויבט, אַז מיט דעם פּרעסטיזש פון הענרי דזשאָרדזש'ן וועלען זיי קענען געווינען אַ פּאָליטישען קאַמף, אָהן דער מיטהילף פון די סאָציאַליסטען און סאָציאַליסטישע סימפּאַטיקער.

דעם 5טען מאַי, 1887, האָט די ניו יאָרק קאַונטי קאָמיטע פון דער יונייטעד לייבאָר פּאַרטיי אָפּגעהאַלטען אַ זיצונג און באַשלאָסען אַרויסצולאָזען אַ רוף וואו אַרבעטער־פאָרשטייער און קאַפּיטאַליסטען זאָלען זיך צונויפקומען צו לייזען די פראַגע פון טעקסעס. די סאָציאַליסטען האָבען אַטאַקירט דעם דאָזיגען געדאַנק, וואו אַרבעטער און קאַפּיטאַליסטען זאָלען צוזאַמען זיין אין איין פּאַרטיי. מעקמאַקין, דער פאָרזיצער פון דער יונייטעד לייבאָר פּאַרטיי, איז אַרויסגעקומען אָפען און דערקלערט, אַז די סאָציאַליסטען גיבען זיך אָפּ מיט אַבסטראַקטע טעאָריעס. אין אַנדערע ווערטער: מען האָט געגעבען צו פילען די סאָציאַליסטען, אַז מען וויל זיי נישט האָבען אַלס מיטגלידער אין דער יונייטעד לייבאָר פּאַרטיי.

דערצו האָבען די געגנער פון די סאָציאַליסטען זיך באַנוצט מיט נאָך אַ מיטעל ווי אַזוי פּטור צו ווערען פון די סאָציאַליסטען. אין דער קאָנסטיטוציע פון דער יונייטעד לייבאָר פּאַרטיי איז געווען אַ פּונקט, וואָס האָט זיך באַלויטעט: „קיין פּערזאָן קען נישט זיין קיין מיטגליד פון דער לייבאָר פּאַרטיי אויב ער געהערט צו אַ פּאָליטישער פּאַרטיי, אָרגאַניזאַציע אָדער קלוב". די סאָציאַליסטען האָבען אַליין געהאָלפען אויסאַרבעטען די קאָנסטיטוציע, אָבער זיי האָבען קיינמאָל נישט געחלום'ט אַפילו, אַז דער דאָזיגער פּונקט וועט ווערען אויסגענוצט געגען זיי.

די קאָנסערוואַטיווע עלעמענטען האָבען זייער גוט אויסגענוצט דעם פּונקט געגען די סאָציאַליסטען. ווען עס איז פאָרגעקומען עלעקשאָנס פאַר דעלעגאַטען צו דער סיראַקיוזער קאָנווענשאָן פון דער יונייטעד לייבאָר פּאַרטיי פון ניו יאָרק סטייט, האָט מען אין פילע דיסטריקטען דערקלערט, אַז די מיטגלידער פון דער סאָשעליסט לייבאָר פּאַרטיי קענען נישט געהערען צו דער יונייטעד לייבאָר פּאַרטיי און במילא קענען זיי נישט זיין קיין דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן פון דער לייבאָר פּאַרטיי. די סאָציאַליסטישע דעלעגאַטען האָבען זיך געווענדעט צו די דעלעגאַטען פון דער קאָנווענשאָן, אָבער די קאָנסערוואַטיווע יוניאָן־פירער אויף דער קאָנווענשאָן האָבען געשטימט געגען די סאָציאַליסטען: די סאָציאַליסטישע דעלעגאַטען האָבען זיך אומגעקערט קיין ניו יאָרק און גערופען אַ פאַרזאַמלונג פון די ראַדיקאַלע יוניאָנס און באַשלאָסען גלייך צו אָרגאַניזירען אַ נייע לייבאָר פּאַרטיי אונטער דעם נאָמען „פּראָגרעסיוו לייבאָר פּאַרטיי".

דער קאַמף פון דער יונייטעד לייבאָר פּאַרטיי מיט הענרי דזשאָרדזש אין דער שפּיץ געגען די סאָציאַליסטען איז געווען אין פולען גאַנג. הענרי דזשאָרדזש האָט געשריבען וועגען די סאָציאַליסטען אין דער צייטונג „דהי סטאַנדאַרד".

„עס איז אַ רחמנות צו זעהן, ווי זיי האָבען אָוועקגעלעגט אַן אַ זייט זייער אמת'ן נאָמען, די סאָציאַליסטישע אַרבעטער פּאַרטיי, און האָבען באַשלאָסען צו רופען זיך „די פּראָגרעסיוו לייבאָר פּאַרטיי". עס איז אַ צווייפעל אויב מיט אַן אַנדער נאָמען וועלען זיי שמעקען בעסער . . . זיי האָבען אויך געקריפּעלט די רעדע־פרייהייט דערמיט, וואָס זיי האָבען באַשלאָסען צו פירען זייערע דיסקוסיעס אין דער ענגלישער שפּראַך".

אָט אַזוי האָט הענרי דזשאָרדזש חוזק געמאַכט און איראָניזירט וועגען די סאָציאַליסטען. די יונייטעד לייבאָר פּאַרטיי מיט הענרי דזשאָרדזש זיינען געווען זיכער, אַז ווען זיי זיינען פּטור געוואָרען פון די סאָציאַליסטען וועלען זיי קענען צוציען די אַזוי גערופענע ליבעראַלען און ראַדיקאַלען צו זייער פּאַרטיי. די קאָנווענשאָן פון דער יונייטעד לייבאָר פּאַרטיי אין סיראַקיוז האָט נאָמינירט הענרי דזשאָרדזש'ן אַלס סעקרעטערי אָוו סטייט און די דעלעגאַטען זיינען געווען אַזוי ענטוזיאַסטיש, אַז זיי האָבען אָפען דערקלערט, אַז נישט ווייניגער ווי אַ פערטעל מיליאָן שטימען וועט די יונייטעד לייבאָר פּאַרטיי קריגען אין ניו יאָרק סטייט, אָבער די יונייטעד לייבאָר פּאַרטיי האָט געמאַכט דעם חשבון אָהן דעם באַלעבאָס. דערמיט וואָס די יונייטעד לייבאָר פּאַרטיי האָט אויסגעשלאָסען די סאָציאַליסטען פון אירע רייען, האָט זי פּאַקטיש אַרויסגעשטויסען דעם ענערגישסטען, פעהיגסטען און אַקטיווסטען טייל פון אירע רייען. וואָרים די סאָציאַליסטען האָבען נישט נאָר געהאַט די טעגליכע „פאָלקסצייטונג", וואָס האָט געהאַט אַ געוואַלדיגע ווירקונג אויף די דייטשע אַרבעטער, די פאַרשפּרייטע ענגלישע וואָכענבלאַט „דער סאָציאַליסט" און אַ גרויסע ווירקונג אויף פילע יוניאָנס אין דער סענטראַל לייבאָר יוניאָן פון ניו יאָרק, נאָר די הונדערטער גאַסען־פאַרזאַמלונגען, די רעדנער, די טעכנישע אַרבעט פון דער וואַל־קאַמפּאַניע און דאָס קלעטערען אויף די שטיגען, טאָג־טעגליך, צו רעדען מיט די ווילער — דאָס אַלץ האָבען די סאָציאַליסטען געטאָן. דער סוף איז געווען, אַז די יונייטעד לייבאָר פּאַרטיי האָט געקראָגען אַן אומבאַדייטענדע צאָל שטימען פאַר זייערע קאַנדידאַטען און די קאַנדידאַטען פון דער פּראָגרעסיוו לייבאָר פּאַרטיי פון די סאָציאַליסטען האָבען געקראָגען פינף טויזענט שטימען.

נאָך די וואַלען פון 1887 איז פאָרגעקומען אַ גרויסע ענטוישונג אין די רייען פון דער יונייטעד לייבאָר פּאַרטיי פון ניו יאָרק. הענרי דזשאָרדזש אַליין איז אַריבערגעלאָפען צו דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי און די גאַנצע פּאַרטיי איז צופאַלען געוואָרען.

דערפאַר אָבער האָבען די אַרבעטער־פּאַרטייען אין אַנדערע סטייטס פון די פאַראייניגטע שטאַטען געהאַט מער מזל ווי די ניו יאָרקער לייבאָר פּאַרטיי.

דעם 27טען סעפּטעמבער, 1886, האָט די יונייטעד לייבאָר פּאַרטיי פון שיקאַגאָ נאָמינירט אַ סטייט און קאַונטי טיקעט מיט פרענק סטאַובער, אַ סאָציאַליסט, אַלס קאַונטי טרעזשורער. עס זיינען אַרויסגעשטעלט געוואָרען די פאָדערונגען פון אַן אַכט־שטונדיגען אַרבעטס־טאָג, די רעגירונג זאָל איבערנעמען אַלע מיטלען פון קאָמוניקאַציע, אַ טעקס רעפאָרם, עס זאָל געגעבען ווערען פרייע לאַנד צו די יעניגע וואָס ווילען ווערען פאַרמערס, די אָפּשאַפונג פון פּריוואַטע פּאָליציי און דעטעקטיווס, דורכפירען סטייט אינשורענס פאַר די אַרבעטער, די אָפּשאַפונג פון טורמע־אַרבעט און נאָך רעפאָרמען. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז סטאַובער, דער קאַנדידאַט פון דער לייבאָר פּאַרטיי אין שיקאַגאָ, האָט געקראָגען קנאַפּע פינף און צוואַנציג טויזענט שטימען פון דער אַלגעמיינער צאָל צוויי און נייצניג טויזענט שטימען. די לייבאָר פּאַרטיי האָט ערוויילט איין סטייט סענאַטאָר און זעקס אַלדערמען און עס האָט געפעלט 64 שטימען, אַז די לייבאָר־פּאַרטיי זאָל ערוויילען איר אייגענעם קאָנגרעסמאַן.

אין דעם זעלביגען יאָר זיינען פאָרגעקומען אין שיקאַגאָ וואַלען פאַר מעיאָר. די פּאָליטישענס פון ביידע פּאַרטייען האָבען זיך דערשראָקען פאַר דער לייבאָר פּאַרטיי און ביידע פּאַרטייען — די רעפּובליקאַנישע און די דעמאָקראַטישע — האָבען אַרויסגעשטעלט איין קאַנדידאַט פאַר מעיאָר. די יונייטעד לייבאָר פּאַרטיי האָט נאָמינירט אַלס קאַנדידאַט פאַר מעיאָר ראָבערט נעלסאָן, אַן אַרבעטער, אַ מיטגליד פון דער נאַיטס אָוו לייבאָר. דער קאַמף פון ביידע קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען געגען דעם אַרבעטער־קאַנדידאַט איז געווען אַן אָנגעשטרענגטער. דער פירער פון דער שיקאַגאָ'ער פּאָליציי, העבערסאָלד, האָט פּערזענליך געגעבען אינסטרוקציעס צו דער פּאָליציי, אַז זיי זאָלען שטימען געגען דעם אַרבעטער־קאַנדידאַט, אָבער נישט קוקענדיג אויף אַלע געמיינע מיטלען און מעטאָדען פון ביידע קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען, האָט דער אַרבייטער־קאַנדידאַט, נעלסאָן, געקראָגען 25,410 שטימען געגען 51,491 שטימען, וואָס דער קאַנדידאַט פאַר מעיאָר פון ביידע פּאַרטייען האָט געקראָגען.

אין מילוואָקי האָט די יונייטעד לייבאָר פּאַרטיי געהאַט גאַר גרויסע געווינסען אין די יאָרען 1886—1887. אין 1886 האָט די לייבאָר פּאַרטיי ערוויילט אַן אייגענעם קאָנגרעסמאַן און אַ מאַיאָריטעט פון אירע קאַנדידאַטען אין די שטאַטישע קערפּערשאַפטען. און אין צוואַנציג אַנדערע שטעדט האָט די לייבאָר פּאַרטיי אין 1886 ערוויילט אירע פאָרשטייער אין די שטאָטישע קערפּערשאַפטען.

## שטאָט און דאָרף

(יוניסי האָוו אַ מתנה)

פון דוד מענעס

אַ שטילער טייך, דער הימל בלוי
ערגעץ וואו פייפט אַ גריל,
שווימט אַ שיפל אָן אַ ציל.
לעבן דאָרף זיין אָט אַזוי.

לאַנד איז חלום — שטאָט איז וואָר,
שווימט מיין שיפל אָפּ פון ברעג,
יאָרן זיינען דאָ בלויז טעג,
דאָרט איז יעדער טאָג אַ יאָר.

אין הייסע טעג און קילע נעכט
שווים מיין שיפל ווייט פון ברעג;
איך וויל געדענקען אָט די טעג,
אין שטאָט, אין שטאָט איז שלעכט.

שאָס איז שטראָף, שאָס צוברעכט,
דער באָס — אַ חיה אין געיעג;
פריי בין איך געציילטע טעג,
די רעשט, די רעשט — אַ קנעכט.

מיר קומען אָפּ אַ פּאָר פרעמדע זינד,
שטרויכלען פיס אויף גלייכן וועג;
איך וויל געדענקען אָט די טעג,
דער מענש, דער מענש איז בלינד.

קומט צום טייך אַ הירשל שלאַנק,
טרינקט און ציטערט ביי דעם ברעג;
איך וויל געדענקען אָט די טעג,
די וועלט, די וועלט איז קראַנק.

אַ שטורעם ברעכט, דאָס וואַסער רוישט,
טרייבט מיין שיפל ווייט פון ברעג;
איך וויל געדענקען אָט די טעג,
די שטאָט, די שטאָט אַנטוישט.

# די אידישע בערשטער שטאָדט אין ליטע

פון לייב מלאך.

(פונ'ם בוך „מורת אייראָפּייאישע רעפּאָרטאַזשען" וואָס דערשיינט צום 5טען יאָרצייט נאָכ'ן יונג-פאַרשטאָרבענעם מחבר)

ילקאָווישקי פאַרנעמט אין דער אידישער אַרבעטער־געשיכטע זעהר אַ חשוב'ן אָרט. די ערשטע, אידישע אַרבעטער־קעמערלאַך זיינען דאָרט געגרינדעט געוואָרען. דאָס וויגעלע פון „בונד" איז דאָרטען געשטאַנען. דאָרט האָט זיך די פּאַרטיי אויפגעפּיקט און איז אויפגעגאַנגען.

די פּועלי ציון באַוועגונג האָט דאָרט די ערשטע טריט געשטעלט. פון ווילקאָווישקי איז זי אַרויס אין דער וועלט אַריין.

איצט איז ווילקאָווישקי אַ שטיק טראַדיציע. אַ בלעטעל געשיכטע וואָס לעבט נאָך.

— אַן אַרבעטער־שטאָדט.

די הייזלאַך קליין, נידעריג, געבויגען. אַ מאַרק — אַ גרויסער, אַ ברייטער, מיט אַ פּלומפּ אין דער מיט און בודקע קראָמען אַרום מיטן מאַרק.

קרעמער שטייען אויף די שוועלען פון זייערע קליטלאַך און קוקען זיך אויס די אויגען נאָך אַ קונה. וואַרטען אויף אַ מאַרק־טאָג. אַזוי ווי ערגעץ אַנדערש, אַזוי ווי איבעראַל, נאָר דאָך איז ווילקאָווישקי אַנדערש.

פון דאַנען, פון דעם קליינעם פירקאַנטיגען מאַרק האָבען זיך אַרויסגעריסען די ערשטע קאַמף־בשורות פון אידישע אַרבייטער:

— די בערשטער!

אַ ספּעציפיש אידיש פאַך, אַ פאַרוואָרצעלט פאַך איז געווען בערשטעריי — נאָר עס ווערט אויסגעוואָרצעלט. קיין נייע קומען ניט צו און אַלטע — ווערען ווייניגער.

בערשטעריי, דאָס פאַך וואָלט געבליט, די נאָכפראַגע איז גרויס. נאָר ס'איז ניטאָ קיין רוי־שטאָף.

אין שטעדטעל האָבען אַמאָל געאַרבייט טויזענט אַרבייטער. טויזענט אידישע אַרבייטער ביי איין פאַך — בערשטעריי. פאַרשטייט זיך שוין אַליין אַז דאָס איז געווען אַ אידיש פאַך. די אַרבייטער זיינען געווען יונג און קאַמפּסלוסטיג האָבען זיי נאָך אין טויזענט אַכט הונדערט און ניינציג געגרינדעט דעם „בערשטער־בונד" און אויסגעקעמפט די ערשטע — דעם אַכט־שטונדיגען אַרבעטס־טאָג און מינימאַלע וואָך־שכירות.

אין יענער צייט, אונטער יענעם רעזשים האָט עס באַטייט נאָך מעהר ווי רעוואָלוציע. און איצט, אין יאָהר טויזענט ניין הונדערט זעקס און דרייסיג, איז ווילקאָווישקי בלויז זכרונות. מען דערמאָנט ווילקאָווישקי אויף פּאַרטיי־באַנקעטען. אויף אַרבייטער־פייערונגען, אין יובל־אויסגאַבעס. ווילקאָווישקי אַליין, — גייט איין. ווערט איינגעשרומפּען. פון די טויזענטער אידישע בערשטער אַרבייטער זיינען איצט געבליבען נאָר אַרום זיבעציג־אַכציג. אַלטע, שוואַכע, געהויקערטע מיט שטיקלאַך פלאַם פון אַמאָליגען פייער טליענדיג אין האַרצען.

איך באַזוך די פאַבריק, איינע פון די באַוואוסטע בערשטערייען אין ווילקאָווישקי. עס זיינען פאַראַן ווייניג אַזעלכע פאַבריקען אין דער וועלט. מען רופט אַן איינצעלנע, ערגעץ אין פּוילען — אין מעזריטש, ערגעץ נאָך אַזאַ שטעדטעל אין ליטע — זשאַגער. איצט קאָנקורירט ראַטען־רוסלאַנד מיט ווילקאָווישקי. עס ווילט זיך אַ שמייכעל טאָן, אַ גרויסע מדינה קאָנקורירט און ווילקאָווישקי נעמט אויף דעם קאָנקורענץ־קאַמף. ראַטען־פאַרבאַנד איז שטאַרקער. זי האָט אַרויסגעגעבען אַ פאַרבאָט אַרויסצופירען פון איהר לאַנד די חזיר־האָר. און אַן די רוסיש־סיבירער חזיר־האָר, איז בערשטעריי אין ווילקאָווישקי קיין פאַך ניט.

אייגענטליך ווערען די באַרשטען גופא ניט אויסגעאַרבייט ניט אין ווילקאָווישקי, ניט אין מעזריטש — און אויך ניט איז זשאַגער. און דאַכט זיך, אפילו ניט אין ראַטען־פאַרבאַנד. בלויז די האָר ווערען פון דעם רויען צושטאַנד צוגעגרייט, אויסגעאַרבעט, פּרעפּאַרירט פאַר באַרשטען וואָס ווערען אויסגעאַרבייט ערגעץ וואו אין גרויסע שטעדט. באַרשטען און בערשטלאַך און פּינזעלס. צום מאָלען, שמירען, ראַזירען, פּוצען און רייניגען. פון דאַנען, פון ווילקאָווישקי, גייט דער באַרבייטער רוי־מאַטעריאַל אַרויס אין דער גרויסער וועלט אַריין. ערגעץ באַקומען די בינטלאַך חזיר'ישע האָר, אויסגעוואַשענע און כעמיש־באַאַרבייטע, — אַ תיקון.

די אַרבייט דאָ, ביי די רוי־מאַטעריאַלען איז שווער. דאַכט זיך אַז שווערער ווי אין די שטאָל־גיסערייען. געזונטער — אוודאי ניט. דאָס קאָן מען דערקענען אַן די פּנים'ער פון די בערשטער־אַרבייטער.

די ווילקאָווישקער באַרשטען־פאַבריק האָט אַ שם אין דער וועלט. גרויסע, אַמעריקאַנער פירמעס שטייען מיט זיי אין קאָנטאַקט. באַשטעלונגען קומען אַן און באַשטעלונגען ווערען אויסגעליפערט. איך האָב מיר פאַרגעשטעלט די דאָזיגע פאַבריק ווי אַ מאָדערען איינגעריכטעטע, אימפּאָזאַנטע אונטערנעמונג. ערשט איך קום צו:

אַ הויף מיט אַן אַלטען הענגענדיגען טויער אויף איין „הוק". די פאַבריק — אַ גרופּע פון דריי־פיר קליינע, הילצערנע כאַטקעס. איצט שוין אַ צוגעמוי־ערטער פליגעל פאַר אַ ביוראָ און אַ סאַרטיר־שטוב.

דער באַלעבאָס פון דער פאַבריק, — אַליין אַ געוועזענער אַרבייטער, ציטערט פאַר יעדען פרעמדען באַזוכער. ער האָט מורא אַז די אַרבייטער זאָלען זיך ניט אַריינלאָזען אין אַ געשפּרעך. דאָס קאָן איהם שאַטען, ער ווייס דאָס פון ערפאַרונג. ער קווענקעלט זיך, וויל ניט געבען די ערלויבעניש צו באַזוכען די פאַבריק בעת די אַרבייט. מיר דינגען זיך. מען קומט דורך. איך פאַרזיכער איהם אַז איך וועל מיט די מענטשען זיינע ניט אויסריידען קיין איין וואָרט... מיין צוזאָג אַליין איז ווינציג. ער געדענקט נאָך פון פאַר דער מלחמה, אַז אַזאַ גאַסט, אויך פון אַ צייטונג, האָט זיך אַריינגעלאָזט מיט די אַרבייטער אין אַ שמועס און דער רעזולטאַט איז געווען: — אַ סטרייק!

פאַרשטייט זיך אַז דער באַלעבאָס, אַ געוועזענער אָנפירער פון „בערשטער בונד" היט זיך פאַר אַ סטרייק ווי פאַר פייער. באַשטעלונגען זיינען פאַראַן, אַרבייט איז דאָ אַ סך, חזיר־האָר — ווינציג. קאָן מען נאָך פון אַ סטרייק אינגאַנצען בלייבען אויסגעשטעלט.

איך באַזוך די פאַבריק. הילצערנע ווענט, אַלט און חושך. פונקט אַזוי חושך זעהען אויס די אַרבייטער וואָס שטייען ביי די האָר און אָטעמען איין אין זיך דעם פאַר'סמ'דיגען שטויב פון די כעמישע שטאָפען. בלויז אַלטע מענטשען. אַזוי אַלט ווי עס זיינען די מעטאָדען פון דער אַרבייט. קיין נייע מאַשינען קומען ניט צו. עס לוינט זיך ניט. מען האָט דאָ צו טאָן מיט „לעבעדיגע" זאַכען: האָר, דאָס מוז ווערען „אינ־דיווידועל" באַהאַנדעלט. מען קעמט און מען באַרשט. מען הוסט און מען שפּייט אַרויס שטיקער גרין־שטוי־ביגען לייכען.

די מיקראָבען פון די האָר פרעסען אויס די אויגען. כמעט אַלע אַרבייטער האָבען קראַנקע אויגען, אָפּגעגעסענע וויעס מיט רויטע ליאַמעס אַרום.

איך זאָג „האַלאָ", מען שמייכעלט. מען באַגריסט מיך מיט אַ קאָפּ־שאָקעל. זיי ווייסען דעם אָפּזאָג מצד דעם באַלעבאָס — ניט צו פירען קיין געשפּרעכען. שווייגט מען. דער פירער גיט מיר דערקלערונגען. נאָר די אַרבייטער זיינען ניט צופרידען פון זיינע ער־קלערונגען. וואַרפט מען אַריין אַן „אויסבעסערונג". פון אַ וואָרט ווערט אַ זאַץ, פון אַ זאַץ ווערט אַ שמועס. און אַזוי איינציגווייז לייגט מען אוועק די בינטלאַך האָר, מען נעמט מיך אַריין אין רעדעל און עס טויכען אויף בילדער און געשעהענישען פון קאַמף און פון אַרבייט.

וואָס בלייבט דעם באַלעבאָס, דעם געוועזענעם קעמפער צו טאָן? פּראָטעסטירען? שעמט ער זיך. שיקט ער אַריין זאָגען אַז די באַשטעלונג איז דרינ־גענדיג. אַז מען וואַרט מיט דער פאַרפּאַקונג. נאָר ווער הערט איהם דען? צי דערויף האָבען זיי עס אין אַכצען־פינף־און־ניינציג באַשאַפען דעם „בערשטער־בונד", אַז זיי זאָלען היינט ניט קאָנען אויסריידען אַ וואָרט מיט אַ אידישען שרייבער?

מעהר פון אַלעמען האָט צו דערציילען פריינט ר' בערעל סאַנדלער. דער זקן איז אַ לעבעדיגע ענ־ציקלאָפּעדיע פון „די ווילקאָווישקער אַנטוויקלונגען". איצט איז ער אַלט העכער זיבעציג יאָר. ער אַרבייט נאָך ביים זעלבען פאַך, אין דערזעלבער פאַבריק און ביים זעלבען טיש ווי אין דער יוגענט.

— נישטאָ די צייטען פון אַמאָל. — זיפצט ר' סאַנדלער. — אַן אינדוסטריע איז איינגעגאַנגען. ווער מיינט איהר איז שולדיג אין דעם? די סאָוועטען! פאַרוואָס די סאָוועטען? אפשר דערפאַר וואָס זיי האָבען צוגענומען די יוגענט און זיי דאָרט געמאַכט פאַר... קאָמיסאַרען?... ניין. ניט דאָס. נאָר די סאָוועטען־רעגירונג דערלאָזט ניט אַרויסצופירען די סיבירער חזיר־האָר. — און צוליבן פעלען פון דעם־אַ רוי־מאַטעריאַל, וואָס פלעגט שאַפען ברייטע אַרבייטס־מעג־ליכקייטען פאַר די בערשטער אין ליטע און וואָס אָהן איהם (דעם רוי־מאַטעריאַל) — גייט ווילקאָווישקי אונטער און מיט איהר צוזאַמען אַ גאַנצער דור און אַ פאַך וואָס האָט געשפּילט אַמאָל אַ פּיאָנערען ראָליע אין דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג.

א. לוצקי.

# ווער איז מענטש

דער לייב איז ווילד, די טויב איז מילד,
ס'איז קלאָר און וואָר ווי אויף אַ שילד.
ווער איז מענטש?

ער שמייכעלט מילד אין גוטען מוט —
און ווערט אַ ברוט אין איין מינוט.
ער שאַרפט דאָס וואָרט און קניפּט די רוט,
און פלאַמט און סמ'ט זיין חבר'ס בלוט.
ווער איז מענטש?

אַמ ערשט אַ וואָלף — און שוין אַ לאַם.
אַליין. דער פלאַם וואָס צינדט זיין שטאַם.
אַליין דער קנעכט וואָס היט זיין צאַם.
אַליין דער האָר וואָס קלעמט אין קלאַם.

ער גראָבט דאָס גאָלד — און לעבט אין נויט.
ער מאָלט די מעל — און זאָרגט פאַר ברויט.

ער זאַמלט רויב — און שאַפט געבאָט.
ער זינקט אין שטויב — און גלאַצט צו גאָט.

ער ליבט די וועלט — און לעבט אין האַס.
ער פרומט אין בוך — און פעלשט אין גאַס.

ער חנפה'ט דיך — למובה זיך.
ער לייקענט דיך — צוליב זיין איך.

ער טוידט זיין שענסטען אידעאַל —
צוליב אַ קנעפּל אַ מעראַל.

ווער איז מענטש?

ער הויבט זיך אויף און פירט און ווייזט,
און ווערט פאַרבלענדט אין בליאַסק פון גייסט,
און זעט נישט דאָ — אַוואו ער גרייזט,
און זעט נישט וואו — זיין שונא פלייסט.

ער גרויסט אַ מילב דורך שטערן גלאָז —
און קליינט דעם מענטש אַזוי ווי גראָז.

דער קאָפּ אַ גרייז — דאָס האַרץ אַ קינד.
ער קען די וועלט — און בלאָנזשעט בלינד.

ער לעבט צופיל — און שרייט ס'איז גיך.
ער פאָרשט דעם רוים — און קען ניט זיך.

ער יאָגט אין יאָך — און וויל אַלץ נאָך —
און פאַלט אוועק — אינמיטען קאָך.

שוין...
שוין?

ווער איז מענטש?

# פונ׳ם אינטערנאַציאָנאַלען אַרבייטער־לעבען

פון דר. יוסף קיסמאַן.

## נאַצי־דייטשלאַנד איז גרייט...

רמייען מאַרשירען אין אייראָפּע. ווילדע מלחמה־מעלדונגען פאַרהילכען די רראיגע היימען פון פרידליכע בירגער. מעגליך, אַז ביז אונזערע שורות וועלן גיין צו דער פרעס, וועלען שוין דונערען קאַנאָנען איבער אייראָפּע. מעגליך אויך, אַז די הויכע דיפּלאָמאַטיע פון די אייראָפּעאישע דעמאָקראַטישע מלוכות האָט צוגעגרייט אַ נייע קאַפּיטולאַציע, לויטן׳ן מוסטער פון מינכען, און ביז אונזערע שורות וועלען דערגיין צום לעזער, וועט היטלער שוין פייערן אַ נייעם גרויסען טריאומף און די אייראָפּעאישע דעמאָקראַטיע וועט איבערלעבען אַ נייע גרויסע מפּלה.

פאַראויסזאָגען קען מען נישט אין איצטיקען מאָמענט, מעגליך איז אַלץ. טאָ לאָמיר איצט פאַרצייכענען נאָר איניגע מאָמענטען וואָס ווייזען, ווי ווייט דער גרויסער „פירער" און זיינע קלענערע אונטער־פירערס האָבען צוגעגרייט דייטשלאַנד צום גראַנגעל אויף לעבען און טויט אַרום דער הערשאַפט איבער דער וועלט.

פינאַנציעל איז דייטשלאַנד פאַקטיש צוזאַמענגעבראָכען. אַ גראַנדיאָזער פינאַנץ־פּלאַן (נייע סערטיפיקייטס פאַר׳ן פאַראויסצאָלען פון טעקסעס) — אַ פּלאַן, וועלכער איז ערשט מיט עטליכע וואָכען צוריק געלויבט געוואָרען אַלס אַ רעטונגס־מיטעל פון אַלע פינאַנציעלע נויטען, איז פולשטענדיג דורכגעפאַלען.

אויפ׳ן פעלד פון אַרבייט, שטייגט אַריבער די עקספּלואַטאַציע אַלע גרעניצען. לויט סטאַטיסטישע אויסרעכענונגען זיינען די רעזולטאַטען פון אַרבייט פאַר יעדען אַרבייטער באַזונדער געוואַקסען מיט צענדליגער פּראָצענטען, איז דער זעלבער צייט איז אַרבייטסלוין שטאַרק געפאַלען.

דער דחקות איז אַרטיקלען פון שלום־געברויך נעמט אָן קאַטאַסטראָפאַלע פאָרמען. דער בילדינג־טרייד איז געפאַלען מיט העכער 30 פּראָצענט. עס ווערט אָפיציעל באַשטעטיגט, אַז עס פעלען אַנדערהאַלבען מיליאָן וואוינונגען אין דייטשלאַנד.

דער יקרות פון לעבענסמיטלען האַלט אין איין וואַקסען. די פּרייזען פון גרינסען (וועדזשעטייבעלס) זיינען געשטיגען מיט העכער 50 פּראָצענט, מילך־פּראָדוקטען קען מען איבערהויפּט נישט מער באַקומען.

וואָס ס׳איז שייך די „גייסטיקע" צוגרייטונג פאַר דער „באַפרייאונג" פון דאַנציג, ווילען מיר נאָר איבערגעבען אַ מעלדונג פון די לעצטע טעג:

9 אַרבייטער־טוערס פון דאַנציג, סאָציאַליסטען און קאָמוניסטען, זיינען אַריבערגעפירט געוואָרען אין אַן עראָפּלאַן פון דאַנציג קיין בערלין, וואו מען האָט זיי היינגעריכטעט אין קערקער מאָאַביט. צווישען זיי האָט זיך געפונען אויך איין פרוי. דריי ווייטערע טוערס אין דער אַרבייטער באַוועגונג פון דאַנציג זיינען פאַר׳משפּט געוואָרען צום טויט און עס ערוואַרט זיי דער אייגענער גורל.

דער נאַצישער הענקער איז גרייט.

## אַ פערטעל יאָרהונדערט נאָכ׳ן טויט פון זשאָן זשאָרעס.

שטיל, אָן ליאַרעמדיגע פּראָצעסיעס, איז דאָס מאָל געפייערט געוואָרען דער יאָרצייט פון זשאָן זשאָרעס אין פּאַריז. דעלעגאַציעס פון דער סאָציאַליסטישער און פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און פאַרטרעטער פון די יוניאָנס האָבען מאַרשירט צום „פּאַנטעאָן", וואו עס געפינט זיך זשאָרעס׳עס קבר, און האָבען דאָרט אויסגעדריקט זייער פאַרערונג צום אומשטערבליכען אַרבייטער־פירער און פאָלקסטריבון. שטיל און איינדרוקספול! אַ „יובילי"־יאָרצייט איז עס דאָס מאָל געווען.

מיט 25 יאָר צוריק, דעם 31טען יולי, 1914, איז אוועק פון דער וועלט זשאָן זשאָרעס, דער פירער און וועגווייזער פונם פראַנצויזישען אַרבייטער קלאַס, די ליכטיגסטע פיגור פונם פּראָלעטאַרישען אינטערנאַציאָנאַל, איינער פון די הערלאַכסטע מענשען־גייסטער פון זיין צייט. די מערדערישע קויל פון אַ פראַנצויזישען שאָוויניסט האָט געטראָפען אין דעם אידעאַלען קרבן, אין אַ מאָמענט, ווען דער הימעל איז געווען פאַרפינסטערט פון דראָהענדיגע מלחמה־וואָלקענס, אין אַ מאָמענט, ווען זשאָרעס האָט מיט דער גאַנצער ליידענשאַפט פון זיין פייערדיגער נשמה געווירקט אויף דער רעגירונג פון זיין לאַנד און אויף דער סאָציאַליסטישער וועלט־באַוועגונג, צו פאַרהיטען, אין לעצטען אויגענבליק, די גרויסע וועלט־שחיטה. אַלס ערשטער קרבן פון דער גרויזאַמער וועלט־מלחמה איז געפאַלען אָט דער אַפּאָסטאָל פון פרידען און מענשליכקייט.

היינט, אַזוי ווי מיט 25 יאָר צוריק, איז דער הימעל פאַרפינסטערט פון מלחמה־וואָלקענס און ווער ווייסט, וואָס דער מאָרגענדיגער טאָג קען ברענגען. דער ציל פון אונזער יאָרהונדערט איז דער אייגענער ווי עס האָט אים פאָרמולירט דער גרויסער קעמפער זשאָרעס:

„דער ציל, צו וועלכען עס מוז דערגיין אונזער יאָרהונדערט" — האָט ער געזאָגט אין אַ רעדע קורץ פאַר זיין טויט — „איז אַ דאָפּעלטער: ערשטענס, מוזען די פעלקער פאַראייניגט ווערען אין אַ פעדעראַציע פון פרייהייט, פרידען און גערעכטיגקייט; צווייטענס, מוזען די מיליאָנען־מאַסען פון אַרבייטער, פּויערים און אינטעליגענטען אויפגעהויבען ווערען דורך אַ קאָלעקטיווער אייגענטום־אָרדנונג, צו דער הויך פון פרייהייט און גערעכטיגקייט. נישטאָ קיין העכערער אידעאַל ווי יענע געזעלשאַפט, אין וועלכער עס וועט נישט עקזיסטירען קיין עקספּלואַטאַציע פון איין מענש דורכ׳ן צווייטען, אין וועלכער דאָס קאָלעקטיווע אייגענטום וועט זיין די גרונדלאַגע און די פאַרזיכערונג פאַר דער אַנטוויקלונג פונ׳ם יחיד..."

דער ציל איז דער אייגענער געבליבען היינט ווי דעמאָלט, אָבער אויך די געפאַר, וואָס דראָט דער געפּייניגטער מענשהייט היינט, איז אַ מורא׳דיגע אַזוי ווי דעמאָלט, מיט 25 יאָר צוריק.

## אָרגאַניזירטע אַרבייט איז אַ וועלט־מאַכט.

אין די פאַשיסטישע לענדער איז די אַרבייטער באַוועגונג צושמעטערט געוואָרען. אויפ׳ן אָרט פון פרייע יוניאָנס זיינען אויפגעבויט געוואָרען „ערזאַץ"־אָרגאַניזאַציעס, פאַרשידענערליי קאָרפּאָראַציעס און „פראָנטען", וואָס האָבען פאַר זייער צוועק איינצושפּאַנען די אַרבייטערשאַפט אין רייטוואָגען פון דער פאַשיסטישער דיקטאַטור.

אין דער אייגענער צייט פון פאַשיסטישען אויפברויז פאַרצייכענט אָבער די פרייע יוניאָן־באַוועגונג אין דער דעמאָקראַטישער וועלט גאַנץ גרויסע געווינסען. וויפיל די פאַשיסטישע דיקטאַטורען זאָלען נישט אַרויסוואַרפען כוח און געלד אויף גיפטיגער העץ־פּראָפּאַגאַנדע צווישען די אַרבייטער־ און פאָלקס־מאַסען פון די דעמאָקראַטישע לענדער, קענען זיי אָבער נישט אונטערגראָבען דעם געזונטען געדאַנק פון פרייער אַרבייטער אָרגאַניזאַציע, אָן דיסקרימינאַציעס צווישען נאַציעס, ראַסען און רעליגיעס.

דער איצטיגער שטאַנד פון דער יוניאָן באַוועגונג אויף גאָר דער וועלט ווערט באַלויכטען דורך די פאָלגענדיגע אָפיציעלע מיטגלידער־ציפערען פאַר דער צייט פון ענדע 1938:

אייראָפּעאישער קאָנטינענט — 38 מיט אַ האַלב מיליאָן מיטגלידער; נאָרט־אַמעריקע — 8 מיליאָן; צענטראַל־ און סאָוט־אַמעריקע — 2 מיליאָן; אַזיאַטישער קאָנטינענט — 11 הונדערט טויזענט; אויסטראַליע — 350 טויזענט; אַפריקע — 250 טויזענט. צוזאַמען באַטרעפט די מיטגלידער־צאָל פון די יוניאָנס אויף דער גאַנצער וועלט 50 מיליאָן מיט 200 טויזענט.

אַריינגערעכענט אין דעם דאָזיגען חשבון זיינען די סאָוועטישע יוניאָנס, מיט 22 מיליאָן מיטגלידער; נישט אַריינגערעכענט זיינען (אַחוץ די פאַשיסטישע אָרגאַניזאַציעס, פאַרשטייט זיך) פאַרשידענע אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס, וועלכע שטעלען זיך הויפּטזעכליך קולטורעלע און סאָציאַל־רעפאָרמאַטאָרישע צוועקען. מיט איין וואָרט: די אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס, וואָס שטייען אויסשליסליך אויפ׳ן יוניאָן־שטאַנדפּונקט, נעמען אַרום אַ מאַסע פון אַריבער 50 מיליאָן מענשען. אין אייראָפּע איז די שטאַרקסטע יוניאָן־באַוועגונג די ענגלישע, מיט קנאַפּע 6 מיליאָן מיטגלידער; די פראַנצויזישע יוניאָן־באַוועגונג האָט פאַרמאָגט אין יאָר 1937 אַריבער 5 מיט דריי־פערטעל מיליאָן מיטגלידער, נאָכ׳ן גענעראַל סטרייק פון נאָוועמבער 1938 האָט אָבער די באַוועגונג פאַרלאָרען פיל פון איר מיטגלידערשאַפט. אין די פאַראייניגטע שטאַטען ווערט געשאַצט די מיטגלידערשאַפט אין די אָרגאַניזאַציעס פון ביידע ריכטונגען, א. פ. אָוו ל. און סי. אײ. אָ., אויף אַריבער 8 מיליאָן.

ווען מען רעכענט פאַר יעדען אָרגאַניזירטען יוניאָן מיטגליד אַ פאַמיליע־שטאַנד פון נאָך צוויי מענשען, שטעלען מיט זיך פאָר אָט די 50 מיליאָן אָרגאַניזירטע אַרבייטער אַ באַפעלקערונגס־מאַסע פון 150 מיליאָן מענשען — אַ קאָלאָסאַלע וועלטמאַכט, הגם זי איז פאַנאַנדערגעטיילט דורך גרעניצען און ימים און צושפּרייט איבער׳ן גאַנצען ערד־קוגעל — די וועלט־מאַכט פון אַרבייט, וועלכע די וועלט־מאַכט פון קאַפּיטאַל וועט סוף כל סוף גאַנץ אַנדערש באַקומען צו פילען ווי ביז אַהער.

## פראַנצויזישע יוניאָנס פאָדערען אַרבייטס־רעכט פאַר שפּאַנישע פליכטלינגע.

בשעת אין שפּאַניע ווילדעוועט די בלוטיגע יוסטיץ פונ׳ם פאַשיסטישען הענקער פראַנקאָ, מאַטערען זיך די הונדערט טויזענדער שפּאַנישע פליכטלינגע, וואָס האָבען זיך געראַטעוועט דאָס נאַקעטע לעבען אין דעמאָקראַטישע מלוכות, אין הונגער, נויט און פאַרצווייפלונג. אין די פראַנצויזישע פליכטלינגס־לאַגערען געפינען זיך בערך 160 טויזענט קרבנות פונ׳ם שפּאַנישען בירגער־קריג.

די פראַנצויזישע יוניאָנס פאָדערען, אַז די קאָנצענטראַציע־קעמפּס זאָלען פאַנאַנדערגעלאָזען ווערען און אַלע פליכטלינגע זאָלען אַריינגענומען ווערען אין אַרבייטס־פּראָצעס פונם לאַנד. דערביי זאָגען זיך די יוניאָנס קאַטעגאָריש אַרויס געגען געוויסע פאָרשלאַגען, אַז עס זאָלען געשאַפען ווערען ספּעציעלע אַרבייטס־לאַגערען פאַר די פליכטלינגע, ווייל דאָס וואָלט געמוזט פירען צו אַלגעמיינער לוינדריקעריי. אַזוי ווי 30 פּראָצענט פון דער מאַסע פליכטלינגע זיינען לאַנדווירטשאַפטליכע אַרבייטער, פאָדערען די יוניאָנס ספּעציעל פאַר דער דאָזיגער קאַטעגאָריע פליכטלינגע, אַז מען זאָל זיי תיכף צוציען צו דער לאַנדווירטשאַפטליכער אַרבייט. אין פראַנקרייך ווערען יעדעס יאָר אַריינגעבראַכט 300 טויזענט לאַנדווירטשאַפטליכע סעזאָן־אַרבייטער, איז פּלאַץ גענוג פאַראַן פאַר די אַנטלאָפענע שפּאַנישע פאַרמערס, וואָס געפינען זיך איצט אין פראַנקרייך. וויבאַלד עס וועט אָבער אַריבער דער סעזאָן, פאָדערען די יוניאָנס, אַז מען זאָל אָט די פאַרמערס געבען ערד און דאָס נויטיגע געצייג אין דער פראַנצויזישער קאָלאָניע אין נאָרט־אַפריקע, אַז זיי זאָלען דאָרט אָנהויבען אַ נייעם לעבען. אָבער אויך פאַר די פליכטלינגע מיט שטאָטישע פּראָפעסיעס זאָל פּלאַץ געמאַכט ווערען אין דער אינדוסטריע פון לאַנד.

„די סיטואַציע פון די פליכטלינגע" — וואָרענט „לע פּעפּל", אָרגאַן פון די פראַנצויזישע יוניאָנס — „איז נישט קיין פּאָליצייאישער פּראָבלעם, נאָר אַן עקאָנאָמישע און סאָציאַלע פראַגע".

אַזוי פאַרשטייען די פראַנצויזישע יוניאָנס זייער ברידערלאַכע פליכט לגבי די אומגליקליכע קרבנות פון פאַשיסטישען טעראָר אין שפּאַניע.

## קאָנוועגשאָן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער לערער־פעדעראַציע.

אין פּאַריז איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אַ קאָנוועגשאָן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פעדעראַציע פון לערער־פערסאָנאַל. עס האָבען זיך באַטייליגט דעלעגאַטען פון לערער־אָרגאַניזאַציעס אין די פאָלגענדיגע לענדער: ענגלאַנד, פראַנקרייך, שוועדען, נאָרוועגיע, דענעמאַרק, שווייץ, יוגאָסלאַוויע, ליטע, לאַטוויע, לוקסעמבורג, ניקאַראַגואַ. עס זיינען אויך געקומען דעלעגאַטען פון דריי אומגליקליכע לענדער: כינע, שפּאַניע און טשעכאָסלאָוואַקיע.

די קאָנוועגשאָן האָט זיך פאַרנומען מיט אַ ריי פּראָפעסיאָנעלע פראַגען וועגען קינדער־דערציאונג אין גייסט פון פרייהייט, פון קאָלעקטיווען באַוואוסטזיין א. א. וו.; צו די דאָזיגע פראַגען זיינען געהאַלטען געוואָרען מערערע רעפעראַטען און ס׳איז פאָרגעקומען אַ לעבעדיגער געדאַנקען־אויסטויש. אַ ברייטען אָרט אין די דיסקוסיעס האָט פאַרנומען דער גורל פון די קינדער און לערערס אין כינע, שפּאַניע און טשעכאָסלאָוואַקיע. צווישען די אָנגענומענע רעזאָלוציעס געפינט זיך אויך אַ באַשלוס וואָס לייגט אַרויף אַ שטייער אויף די מיטגלידער פאַר די קרבנות פון פאַשיסטישער געוואַלט.

## פרייהייט שטייט העכער ווי נאַציע.

אָט דאָס וואָרט האָט אויסגערופען דער פּרעזידענט פון דער טראַנספּאָרט־אַרבייטער יוניאָן אין ענגלאַנד, דזש. עדוואַרדס, עפענענדיג די קאָנוועגשאָן פון

אָט דער יוניאָן, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין לאָנדאָן. די אָרגאַניזאַציע פון די טראַנספּאָרט אַרבייטער פאַרמאָגט 700 טויזנט מיטגלידער. זי איז די גרעסטע יוניאָן נישט בלויז אין ענגלאַנד, נאָר דאַכט זיך אויף דער גאַנצער וועלט.

די באַראַטונגען פון דער קאָנווענשאָן האָבן אַרומגענומען אַלגעמיינע אַרבייטער־פראַגן, וואָס שטייען היינט אויפ'ן טאָג־אָרדנונג ניט פון דער איינער יוניאָן, נאָר פון דער גאַנצער אַרבייטער באַוועגונג. דער אַריבערגאַנג פון מלחמה־אינדוסטריע צו דער נאָרמאַלער עקאָנאָמיע פון שלום־צייטן — האָט געוואָרנט דזש. עדוואַרדס אין זיין עפענונגס־רעדע — שטעלט די יוניאָן באַוועגונג פאַר די שווערסטע פּראָבלעמען, וועלכע האָבן נישט קיין גלייכן אין דער ביז איצטיגער געשיכטע פון יוניאָניזם. אָבער נאָך האַלט מען נישט ביי אַזאַ אַריבערגאַנג. דערוויילע דראָט מלחמה, מען מוז זיך אַנטקעגנשטעלן די פאַשיסטישע אָנפאַלערס, מען מוז אָבער אין דער זעלבער צייט ווייזן די פעלקער פון דער וועלט, אַז ס'איז פאַראַן עפּעס אַזוינס, וואָס קאָן נישט דערגרייכט ווערן דורך מלחמה, נאָר דורך שלום: עקאָנאָמישע און סאָציאַלע גערעכטיגקייט! מען מוז דורכזעצן דעם געדאַנק, אַז מענשליכע פרייהייט דאַרף געשטעלט ווערן אויף אַ העכערער פּאָזיציע ווי נאַציע.

די קאָנווענשאָן האָט גוטגעהייסן די אויסלענדישע פּאָליטיק פון דער לייבאָר־פּאַרטיי, ס'איז אויסגעדריקט געוואָרן די פאָדערונג, אַז דער בריטיש־פראַנצויזיש־סאָוועטישער אָפּמאַך זאָל ווי צום גיכסטן אָפּגעשלאָסן ווערן. די קאָנווענשאָן האָט זיך אויך שאַרף אַרויסגעזאָגט געגן טשעמבערלעינ'ס פּאָליטיק פון „אַפּיזמענט" און האָט אָנגענומען פאַרשידענע באַשלוסן אין טרייד־פראַגן.

**קאָנווענשאָן פון קליידער־אַרבייטער אין ענגלאַנד.**

אין מאָנאַט יולי איז פאָרגעקומען אין לאָנדאָן אַ קאָנווענשאָן פון דער קליידער אַרבייטער יוניאָן. די יוניאָן רופט זיך אָפיציעל „נעשאָנעל יוניאָן אָף טעילאָרס ענד גאַרמענט וואָרקערס". זי איז געשאַפן געוואָרן דורך אַ פאַראייניגונג פון דער „יונייטעד לידיס טעילאָרס יוניאָן" מיט דער „וואָטערפּרוף גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן".

די קליידער אינדוסטריע אין ענגלאַנד איז נישט אַזוי הויך ענטוויקעלט ווי די אַמעריקאַנער קליידער־אינדוסטריע, און צוליב דעם איז אויך די אָרגאַניזאַציע הינטערשטעליג לגבי דער אַמעריקאַנער. די יוניאָן נעמט איצט אַרום אַן ערך 100 טויזנט מיטגלידער, אָבער לויט ווי עס איז איבערגעגעבן געוואָרן אויף דער קאָנווענשאָן, שטייען מחוץ דער אָרגאַניזאַציע לכל הפחות נאָך אַ האַלבער מיליאָן קליידער אַרבייטער און אַזוי ווי עס איז נאָך שטאַרק פאַרשפּרייט דער פאַרצייטיגער „שוויץ"־סיסטעם, דרינגט דער געדאַנק פון אָרגאַניזאַציע נישט אַזוי שנעל אַריין אין דער מאַסע פון די קליידער אַרבייטער, ווי אין אַנדערע אינדוסטריעס.

פיל אויפמערקזאַמקייט האָט אָפּגעגעבן די קאָנווענשאָן צו אַ ריי פראַגן, וואָס זיינען איצט אַקטועל געוואָרן אין ענגלאַנד נישט בלויז אין דער קליידער־אינדוסטריע, נאָר אין דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע בכלל. אַזוי ווי פיל יונגע מענער, קוואַליפיצירטע אַרבייטער, געפינען זיך איצט ביים מיליטערישן דינסט, ווערן אַריינגעצויגן אין דער אינדוסטריע אומקוואַליפיצירטע אַרבייטער און אויך פרויען, וועלכע האָבן ביז אַהער געאַרבייט בלויז אין דער הויז־ווירטשאַפט. מען לערנט זיי אויס טאָן קוואַליפיצירטע אַרבייט, אויף וויפיל דאָס איז מעגליך, און מען באַצאָלט אָט די נייע אַרבייטער פיל קלענערע לוינען פאַר דער זעלבער אַרבייט, וועלכע איז ביז אַהער געטאָן געוואָרן פון קוואַליפיצירטע אַרבייטער. אין דער קליידער־אינדוסטריע, למשל, ווערן אַריינגעבראַכט פרויען אין די קאַטינג־רומס אויף דעם אָרט פון יונגע מענער, וואָס זיינען אַוועק צום מיליטער־דינסט.

די קאָנווענשאָן האָט זיך פאַרנומען נאָך מיט אַ ריי אַנדערע טרייד־פראַגן און ענדליך מיט פראַגן פון אייראָפּעאישער פּאָליטיק, ווי אָפּמאַך מיט סאָוועט־רוסלאַנד, מלחמה־געפאַר א. אַנד. עס זיינען אָנגענומען געוואָרן אין אַלע די דאָזיגע פראַגן רעזאָלוציעס, וואָס אַנטשפּרעכן די פּאָליטישע ליניע פון דער לייבאָר־פּאַרטי.

**שווערע פּראָבלעמען פון די ענגלישע אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס.**

מיט'ן וואַקסנדיגן טעמפּאָ פון דער מלחמה־אינדוסטריע אין ענגלאַנד און מיט'ן איינפירן דעם אַלגעמיינעם מיליטער־דינסט, האָבן זיך די באַדינגונגען אויפ'ן אַרבייטער מאַרק אין איין פּרט פאַרבעסערט: די אַרבייטסלאָזיגקייט איז שטאַרק צוריקגעגאַנגען און האַלט אין איין פאַלן. די פירערס פון דער ענגלישער אַרבייטער באַוועגונג זיינען אָבער צוליב דעם ווייט נישט צופרידנגעשטעלט. ערשטענס ווייסן זיי, אַז די איצטיגע פּראָספּעריטי איז אַ קינסטליכע דערשיינונג, ווייל מלחמה־אינדוסטריע מוז סוף־כל־סוף דערפירן צום אַלגעמיינעם באַנקראָט, צווייטענס באַווייזן זיך שוין איצטער געפערלאַכע סמנים אין אַרבייטס־פּראָצעס, וואָס דראָען צו דערפירן צו אַן אַלגעמיינער פאַרשלעכטערונג פון די אַרבייטס־באַדינגונגען.

די געפערלאַכסטע דערשיינונג איז די אַזוי גערופענע „דילושאָן": קוואַליפיצירטע אַרבייט („סקילד לייבאָר") ווערט פאַרביטן דורך אומקוואַליפיצירטער אַרבייט („אַנסקילד לייבאָר"). מיר האָבן די דאָזיגע פראַגע שוין אָנגערירט אין דער פריערדיגער נאָטיץ (וועגן דער קליידער־אינדוסטריע), אָבער דאָס איז אַן אַלגעמיינע דערשיינונג אין אַלע אינדוסטריען. די מאַנופאַקטשורערס באַנוצן זיך מיט'ן תירוץ, אַז זיי קענען נישט געפינען גענוג קוואַליפיצירטע אַרבייטער און דינגען זיך „הענט" פאַר קלענערע לוינען. די אַרבייט איז טאַקע נישט אַזאַ גוטע ווי פון קוואַליפיצירטע אַרבייטער, אָבער פאַר די מאַנופאַקטשורערס איז דער עיקר, אַז דער לוין איז אַ קלענערער און אַז אין גאַנצן טרייד ווערט אויף אָט דעם אופן דערגרייכט אַן אַלגעמיינער לוינדרוק. די פּרעסע פון דער ענגלישער אַרבייטער־באַוועגונג איז איצט פול מיט פּראָטעסטן געגן דער געפערליכער „דילושאָן"־מגפה און די אַרבייטער ווערן גערופן צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד.

בכלל פילט זיך, אַז אויפ'ן קאַמף־פעלד פון אַרבייט ווערט דער ווידערשטאַנד פון די קאַפּיטאַליסטן אין ענגלאַנד אַלץ שטאַרקער און עס ווערט אַלץ שווערער אויסצוקעמפן פאַרבעסערונגען פון די אַרבייטס־באַדינגונגען. די אָפיציעלע סטאַטיסטיק ווייזט, אַז די סטרייקס, וואָס זיינען געפירט געוואָרן אין יאָר 1938, האָבן אַרומגענומען אַן אַרבייטער־מאַסע פון 211 טויזנט. פון די אַלע סטרייקס זיינען געוואונען געוואָרן דורך די אַרבייטער נאָר אַ קליינער חלק, סטרייקס מיט אַן אַרבייטער־צאָל פון קנאַפּע 45 טויזנט (ד. ה. 21 פּראָצענט פון דער גאַנצער צאָל סטרייקערס), בשעת סטרייקס מיט אַן אַרבייטער־צאָל פון אַריבער 113 טויזנט (ד. ה. 53 פּראָצענט) זיינען פאַרלאָרן געוואָרן און סטרייקס מיט אַן אַרבייטער־צאָל פון 53 טויזנט (26 פּראָצענט), האָבן זיך געענדיגט דורך אַ קאָמפּראָמיס.

**מלחמה־ און שלום־פּאָליטיק אין דער אַרבייטער־באַוועגונג.**

די אַרבייטערשאַפט אין די דעמאָקראַטישע לענדער פאָדערט אַלץ ענערגישער, אַז עס זאָל אַנטקעגנגעשטעלט ווערן אַ מיליטערישער ווידערשטאַנד דעם באַנדיטיזם פון די פאַשיסטישע דיקטאַטאָרס. דאָס איז געוויס אַ גערעכטע פאָדערונג, אָבער דערמיט שטעלט זיך פאַר דער אַרבייטער באַוועגונג אַ שווערע פאַרפּלאָנטערטע פראַגע. „מיליטערישער ווידערשטאַנד" מיינט סוף כל סוף מלחמה און מעג טאַקע זיין, אַז דער ציל פון אַזאַ מלחמה איז די פאַרניכטונג פון פאַשיזם, איז עס אָבער פאָרט — מלחמה, בלוטיגער מאַסנמאָרד. אין יעדן דעמאָקראַטישן לאַנד שאַפט זיך פאַר'ן אַרבייטער קלאַס די נויטווענדיגקייט פון אומבאַדינגטער פאַטערלאַנד פאַרטיידיגונג, פון נאַציאָנאַלער פאַראייניגונג, פון סאָציאַלן פרידן צווישן אַרבייט און קאַפּיטאַל. נאָך די טראַגישע דערפאַרונגען, וואָס דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַריאַט האָט איבערגעלעבט מיט דער פּאָליטיק פון „בורגפרידען" אין דער לעצטער וועלט־מלחמה, שטייט היינט די אייגענע פראַגע מיט אַ באַזונדערער שאַרפקייט פאַר דער אַרבייטער עפנטליכקייט פון דער גאַנצער וועלט.

ביי אַלע באַראַטונגען פון אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס אין ענגלאַנד און אין פראַנקרייך פאַרנעמט איצט אָט די פראַגע דעם סאַמע וויכטיגסטן פּלאַץ.

אין ענגלאַנד זיינען אין די לעצטע וואָכן פאָרגעקומען מערערע קאָנפערענצן פון אַרבייטער־יוניאָנס. אַחוץ די צוויי קאָנווענשאָנס, וועגן וועלכע מיר ריידן אויבן, זיינען אויך פאָרגעקומען צוזאַמענפאָרן פון מאַיינערס, מאַטראָזן, רעילראָוד, בילדינג אַרבייטער און אַנדערע יוניאָנס און אויף אַלע די דאָזיגע קאָנפערענצן האָט מען מער דיסקוטירט וועגן מלחמה־ און שלום־פּאָליטיק אין דער אַרבייטער באַוועגונג ווי וועגן פראַגן פון טרייד.

דאָס אייגענע איז פראַנקרייך. אויך דאָרט זיינען לעצטענס אָפּגעהאַלטן געוואָרן מערערע קאָנפערענצן פון יוניאָנס, וועלכע האָבן הייס דיסקוטירט די דאָזיגע פראַגע. פון די אָנגענומענע באַשלוסן ווילן מיר דאָ דערמאָנען די רעזאָלוציע, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אויף דעם קאָנגרעס פון דעם נאַציאָנאַלן סינדיקאַט (יוניאָן) פון די לערערס. דאָס איז די שטאַרקסטע יוניאָן פון אינטעלעקטועלע אַרבייטער אין פראַנקרייך. זי פאַרמאָגט 110 טויזנט מיטגלידער, וועלכע זיינען געווען פאַרטראָטן אויף דער קאָנפערענץ דורך 265 דעלעגאַטן. אין דער רעזאָלוציע, וואָס איז כמעט איינשטימיג אָנגענומען געוואָרן, האָט זיך דער קאָנגרעס שאַרף אַרויסגעזאָגט געגן דער פּאָליטיק פון „בורגפרידען". קיין איין פראַגע קאָן דורך מלחמה נישט געלייזט ווערן — ווערט געזאָגט אין דער רעזאָלוציע. — עס מוזן אָנגעשטרענגט ווערן אַלע כוחות צו פאַרטיידיגן די פונדאַמענטאַלע בירגערליכע רעכט אין אייגענעם לאַנד. דער קאַמף געגן פאַשיזם מוז געפירט ווערן פון יעדן נאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט אין זיין אייגענעם לאַנד ביז צום זיג, ווייל אַן אינטערנאַציאָנאַלער קריג וועט נאָר פאַרגרעסערן די געפאַר פון פאַשיזם אין אַנדערע לענדער אויך.

אַן ענליכע רעזאָלוציע האָט אָנגענומען אויך דער קאָנגרעס פון דער יוניאָן פון ביכער־אַרבייטער (דרוקערס, איינבינדער א. אַנד.), וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין דער זעלבער צייט.

פאַרשטייט זיך, אַז אָט דער שטאַנדפּונקט פון פּראָלעטאַרישער איזאָלאַציע־פּאָליטיק איז ווייט נישט קיין ענטפער אויף דער אָנגעווייטיגטער פראַגע. פאַשיזם אין איין לאַנד איז אַ געפאַר פאַר'ן צווייטן לאַנד, פאַר אַלע לענדער פון דער וועלט איבערהויפּט און — פּראָלעטאַרישער קאַמף געגן פאַשיסטישער דיקטאַטור איז ניט די זאַך פון'ם „נאַציאָנאַלן", נאָר פון'ם גאַנצן אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט, פאַר פּראָלעטאַרישער סאָלידאַריטעט עקזיסטירן ניט קיין מלוכה'שע גרעניצן.

**ווידער אַ זיג פון דער לייבאָר פּאַרטיי אין ענגלאַנד.**

די בריטישע טאָרי־רעגירונג האָט נישט קיין מזל ביי די ווילער־מאַסן. כמעט יעדעס מאָל, ווען עס קומט צו אַ צוגאָב־וואַל פאַר אַ פרייען פּלאַץ אין פּאַרלאַמענט, פאַלט זי דורך מיט אַ קנאַק. אַזוי איז איצט געווען מיט אַ צוגאָב־וואַל אין אַ פאַרמערישן דיסטריקט, וואו דער לייבאָר־קאַנדידאַט איז געוויילט געוואָרן געגן אַ רעגירונגס־קאַנדידאַט מיט אַ גרויסער מאַיאָריטעט. די רעגירונג האָט פאַרלאָרן אַריבער 4000 שטימען לגבי איר שטימענצאָל ביי די הויפּטוואַלן. דאָס איז שוין דער דרייצנטער לייבאָר זיג פונעם יאָר 1935 אָן.

דער דורכפאַל פון דער רעגירונג איז אַ הילכיגער ענטפער פון דער ווילערשאַפט אויף טשעמבערלעינ'ס שענדלאַכער „אַפּיזמענט"־פּאָליטיק, די לייבאָר־פּאַרטי פאַרדאַנקט אָבער איר זיג אין אָט דער פאַרמערישער געגענט אויך דער ענערגישער אַרויסטרעטונג פון אירע פאַרטרעטער אין פּאַרלאַמענט פאַר דער פאַרבעסערונג פון די לוינבאַדינגונגען פון די לאַנדווירטשאַפטליכע אַרבייטער. אין ענגלישן פּאַרלאַמענט איז פאַרהאַנדעלט געוואָרן אַ געזעץ וועגן אַ געוויסער שטיצע פאַר דער לאַנדווירטשאַפט (פאַרם־רעליף), איז די לייבאָר פּאַרטי אַרויסגעטראָטן מיט דער פאָדערונג, אַז אין דערזעלבער צייט זאָל פיקסירט ווערן אַ מינימום־לוין פאַר פאַרם־אַרבייטער, מיט באַצאָלטע יום־טובים, וואַקאַציע א. אַ. וו. איצט האָבן די פאַרם־אַרבייטער זיך אָפּגערופן מיט זייערע שטימען אין טאָג פון דער וואַל.

**די באַוועגונג פון אַרבייטסלוין אויף דער וועלט אין די לעצטע יאָרן.**

פונם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבייטס־אַמט זיינען איבערגעגעבן געוואָרן די אָפיציעלע ציפערן וועגן אַרבייטסלוין אין פאַרשידענע לענדער פאַר די לעצטע עטליכע יאָר.

איידער מיר באַקענען די לעזער מיט אייניגע פון די דאָזיגע אינטערעסאַנטע ציפערן, נויטיגט זיך אַ קורצע דערקלערונג: סטאַטיסטיקס וועגן לוינבאַדינגונגען ווערן מייסטענטיילס אויפגעשטעלט אין פּראָצענטציפערן פון'ם רעאַלן לוין. דער „רעאַלער" לוין ווערט אויסגערעכנט לויט דער קויפקראַפט, וואָס די אַנטשפּרעכנדיגע לוין־סומע גיט דעם אַרבייטער ביים באַזאָרגן זיך מיט לעבנסמיטלען. ווען מען וואָלט אויפגעשטעלט סטאַטיסטישע אויסרעכענונגען מיט אַבסאָלוטע געלד־ציפערן, וואָלטן זיי קיין שום איבערזיכט נישט

# אין דער אמעריקאנער ארבייטער־באוועגונג

(איבערזיכט)

פון ש. פ.



אנווענשאנס און זיצונגען פון די צענ־
טראלע קערפערשאפטען פון יוניאנס
זיינען געוויינליך די שפיגלען וואס
רעפלעקטירן דעם צושטאנד און די
טעטיגקייט פון די ארגאניזאציעס,
וועלכע זיי פארטרעטען. אמת, נישט
אלע מאל איז עס א גוט־געשליפענע,
ריינע גלאז וואס שפיגעלט אפ זאכען ווי זיי זיינען אין
דער ווירקליכקייט. צייטענווייז איז עס א קרומער שפי־
געל, וואס רעפלעקטירט צעדרייטע, גראטעסקע געשטאל־
טען. מענשען אבער מיט ערפארונג קענען פון דער
אפשפיגלונג זיך מאכען א באגריף פון דעם אמת'ן אויס־
זען פון די געשעענישען.

דער בעסטער וועג דעריבער צו געבען די לעזער
אן איבערבליק היינטיגען מאנאט פון דעם וואס עס קומט
איצט פאר אין דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג,
איז צו פאנאנדערגלידערען דאס וואס עס איז פארהאנ־
דעלט און באשלאסען געווארען ביי די פאר קאנווענשאנס
פון די סטייט פעדערײשאנס או לייבאר וואס זיינען דעם
מאנאט געהאלטען געווארען, פון דער זיצונג פון עקזע־
קוטיוו קאונסיל פון דער פעדערײשאן אין אטלאנטיק
סיטי, פון דעם בילדינג טרייד דעפארטמענט פון דער
פעדערײשאן און פון דער העכסטער קערפערשאפט פון
דער סי. אי. א. דארט איז קלאר אפגעשפיגעלט געווא־
רען דער איצטיגער צושטאנד פון דער אמעריקאנער אר־
בייטער באוועגונג.

דער מיטינג פון עקזעקוטיוו קאונסיל פון דער א. פ. או ל.

דער עקזעקוטיוו קאונסיל פון דער אמעריקען פעדע־
ריישאן או לייבאר האט דעם מאנאט אפגעהאלטען זיין
לעצטע זיצונג פאר דער קאנווענשאן וואס דארף זיך
צונויפקומען אין סינסינעטי אנפאנג אקטאבער. די
זיצונג פון קאונסיל האט עס געדארפט צוגרייטען דעם
באדען און אנצייכענען די ליניעס פאר דער קאנווענשאן.
וואס זשע האט די זיצונג באשלאסען איבער די ברענענ־
דיגסטע פראגען וואס שטייען איצט פאר די אמעריקאנער
יוניאנס?

עס איז פאר קיינעם קיין סוד ניט, אז די רעאקציע
געגען די ארבייטער האט זיך דורך דעם לעצטען יאר פיל
פארשטארקט. די וו. פ. א. וואס האט באזארגט מיט
ארבייט א טייל פון די ארבייטסלאזע און האט דורך דעם
ניט נאר דערהאלטען ביים לעבען מיליאנען מענשען נאר
האט אויך פארהיט אז די בעלי בתים זאלען זיך ניט
קענען אזוי פריי באנוצען מיט דעם הונגער פון די מאסען
ארונטערצודריקען נאך מער די לעבענס סטאנדארדס, איז
דורך דעם קאנגרעס שטארק פארקריפעלט געווארען. דער
„פריוועילינג רעיט" איז ארויסגעווארפען געווארען פון
געזעץ און האט אזוי ארום געוויזען דעם וועג דער פריי־
וואטער אינדוסטריע צו שנײדען די שכירות פון די קווא־
ליפיצירטע בעל מלאכות; עס איז געמאכט געווארען א
שטארקער אנגריף אויף די סאשעל סעקיוריטי און אויף
דעם שטונדען־שכירות געזעץ. אויב עס איז ניט גע־
לונגען די רעאקציאנערן אין גאנצען צו פארקריפלען אט
די געזעצען, איז עס בלויז א דאנק דעם ווידערשטאנד
פון דער רוזוועלט אדמיניסטראציע. דער אנגריף אויף
דעם לייבאר רילײשאנס געזעץ האט ניט פארפעלט צו
האבען די פארדארבענדע ווירקונג אויף די אנטשײדונגען
פון דער באארד, כאטש דעם געזעץ אליין איז ניט גע־
לונגען צו פארערגערען אין דער לעצטער סעסיע פון
קאנגרעס. די אטאקעס אבער האבען נאך ניט אויפגע־
הערט און מען קען ערווארטען, אז אין דער נעקסטער
סעסיע פון קאנגרעס אין יאנואר, זאלען די פארגעשלא־
גענע אמענדמענטס פון אלע יוניאן שונאים דאך אנגע־
נומען ווערען. אויך אויפ'ן עקאנאמישען און אינדוס־
טריעלען געביט ווערען די אטאקעס פון די בעלי בתים
אלץ שטארקער. זיי האבען זיך שוין בארוהיגט און צו־
געפאסט צו די נייע געזעצען און זייערע פעהיגע לא־
יערס געפינען שוין מיטלען ווי אזוי ארומצוגיין דעם
געזעץ און אנהאלטען די אלטע מעטאדען פון קאמפאני־
יוניאנס, טעראר געגען די ארבייטער, און אפען שאפ.
אנשטאט די אלטע קאמפאני יוניאנס זיינען אויפגעקומען
לעצטענס די אזוי גערופענע „אינדעפענדענט יוניאנס",
וועלכע זיינען אין זייער גרעסטען טייל בלויז פארמאס־
קירטע קאמפאני יוניאנס, און זיי האבען א באדייטענדען
ערפאלג צווישען געוויסע שיכטען ארבייטער. אזוי, צום
ביישפיל, באריכטעט די סטייט לייבאר רילײשאנס באארד
פון ניו יארק, אז פון אכט און פערציג אפשטימונגען,
וואס זיינען געהאלטען געווארען, אין וועלכע די ארביי־
טער האבען געדארפט אנטשײדען אויב זיי זאלען זיין
פארטראטען דורך אן א. פ. או ל. יוניאן, א סי. אי. א.
יוניאן אדער אן אזוי גערופענע אינדעפענדענט יוניאן,
האבען די אינדעפענדענט יוניאנס געוואונען דרייסיג.
לויט דער טאבעלע האבען זיי געוואונען 52 פראצענט
פון אלע שטימען וואס זיינען אפגעגעבען געווארען אין
אפשטימונגען, אין וועלכע זיי האבען זיך באטייליגט.

עס איז פאר אלעמען קלאר, אז די רעאקציע האט
אויפגעהויבען איר קאפ, הויפטזעכליך א דאנק די צע־
שפליטערונג אין די ארבייטער רייען און דעם ברודער־
קאמף צווישען דער א. פ. או ל. און דער סי. אי. א.
האט, על פי שכל, די העכסטע קערפערשאפט אין דער
פעדערײשאן געדארפט אפגעבען אלע אירע כחות פאר
פאראייניגען די ארבייטער אינערהאלב אירע אייגענע
רייהען און זוכען א וועג ווי וואס שנעלער אפצושטעלען
דעם ברודער־קריג מיט דער סי. אי. א. אזוי האט עס
געדארפט זיין. דער עקזעקוטיוו. קאונסיל האט אבער,
מיט איין איינציגע אויסנאמע, געטאן אלץ פארקערט.
אויפ'ן פייער פון ברודער־קאמף מיט דער סי. אי. א.
האט מען געגאסען אויל, און אינערליך האט מען די
רייסערייען פארשארפט אין א פאר וויכטיגע אינטערנע־
שאנאל יוניאנס.

אין דעם קאמף געגען דער סי. אי. א. האט זיך די
פעדערײשאן פארמאסטען צו פארכאפען טיילען פון דער
אויטאמאביל אינדוסטריע טראץ דעם דורכפאל וואס הא־
מער מארטין האט געהאט אין זיינע פארזוכען ארויסצור־
רופען אין סטרייק די ארבייטער פון געוויסע פאבריקען
פון דער דזשענעראל מאטארס קארפארײשאן אין פלינט
און סאגינאו. די פעדערײשאן האט איצט אריינגעשיקט
א סטעף פון 30 ארגאניזערס אין דעטראיט אונטער דער
פירערשאפט פון פרענסיס פענטאן, דעם הויפט ארגא־
ניזער פון דער פעדערײשאן. פיל ערפאלג האט ער דער־
וויל ניט. אין דער אפשטימונג, וואס איז דעם מאנאט
געהאלטען געווארען אין דער פעקארד קאמפאני, האט די
סי. אי. א. געוואונען כמעט פיר צו איינס. נאך גרעסער
איז געווען די מאיאריטעט פון דער סי. אי. א. אין דער
„מאטארס פראדוקטס קארפארײשאן", וואו די סי. אי. א.
האט געוואונען כמעט פיר צו איינס. אבער אז דאס
וועט די פארביטערונג פארגרעסערען און די מעגליכ־
קייטען פאר שלום נאך מער אפשוואכען, איז זיכער.

פון די באריכטען ביים עקזעקוטיוו קאונסיל מיטינג
איז אויך צו זען, אז דער קאמף ווערט פארטגעזעצט און
פארשארפט אויך אויף פילע אנדערע פראנטען. אזאניק,
דער פירער פון דער פראגרעסיוו מיינערס יוניאן, זוכט
צו קריגען אפשטימונגען פון דער לייבאר רילײשאנס
באארד אין עטליכע קוילען־מינען, וואס האבען אן אגרי־
מענט מיט דער יונייטעד מיין וואירקערס; אויפ'ן פאסי־
פיק זוכט די פעדערײשאן אוועקצורייסען אירע מארין
ארבייטער יוניאנס פון דער מעריטיים פעדערײשאן, צו
וועלכער עס באלאנגען סיי די סי. אי. א. יוניאנס און סיי
די פעדערײשאן יוניאנס; אויפ'ן פאליטישען געביט באר
קעמפט די פעדערײשאן יעדען געזעץ־פראיעקט און יעדע
פאליסי וואס די סי. אי. א. שטיצט, פשוט אויס להכעיס.

דאס נאך ווייניג, שפילט די פעדערײשאן אריין אין
די הענט פון דער סי. אי. א. דורך פארשארפען צוויס־
טיגקייטען און רייסערייען אין די רייען פון אירע אייגענע
אינטערנעשאנאל יוניאנס. צוויי אזוינע האנדלונגען זיי־
נען פארגעקומען ביים מיטינג פון עקזעקוטיוו קאונסיל
אין אטלאנטיק סיטי.

דער קאמף אין די טעאטער יוניאנס

איינע פון די פעדערײשאן יוניאנס, וואס די סי. אי. א.
האט שטארק חשק אוועקצונעמען, איז די יוניאן פון דער
פארוויילונג־אינדוסטריע, וואס שליסט איין די אקטיארען,
מוזיקער, מאווינג פיקטשור ארטיסטען און אנגעשטעלטע,
ראדיא זינגער און די אלע איבעריגע וואס ארבייטען אין
דער ליין. דארט זיינען דא הויפטזעכליך צוויי שטארקע
אינטערנעשאנאלס. די אסאסיײשאן או עקטארס ענד
ארטיסטס או אמעריקא, צו וועלכער עס באלאנגען די
אקטיארען, זינגער, שפילער און ארטיסטען, וואס טרעטען
אויף אויף דער בינע, אין די מאוויס, אויף קאנצערטען
און אין ראדיא־פראגראמען, און די אינטערנעשאנאל
עלייענס או סטעידזש עמפלאיס, צו וועלכער עס געהע־
רען די טעכנישע אנגעשטעלטע אין דער אינדוסטריע,
ווי די סטעידזש הענט, מאווי אפערייטארס קאסטיומער
און אלע אנדערע בעל מלאכות וואס זיינען נויטיג פאר
דער בינע און אויף די מאווי סעטס. אן אנהויב אריינ־
צודרינגען אין דער אינדוסטריע האט די סי. אי. א. גע־
מאכט ווען זי האט ארגאניזירט די סטעידזש טעקנישענס
גילד אין לאס אנדזשעלעס. ווייט גיין האט די אפאזיציע
יוניאן ניט געקענט, וויל צווישען די צוויי מעכטיגע
אינטערנעשאנאלס, וואס קאנטראלירען סיי די ארטיסטען
און סיי די מעכאניקער, איז א שווערע זאך זיך אריינ־
צורייסען.

האט עס פאסירט, אז אין דעם פארבאנד פון די
אקטיארען און קינסטלער, אן וועלכען עס זיינען אנגע־
שלאסען 11 אפטיילונגען, איז פארגעקומען א סכסוך
צווישען דער צענטראלער קערפערשאפט מיט איין אפ־
טיילונג, די פעדערײשאן או עקטארס. די צענטראלע
קערפערשאפט האט גע'משפט די פירער פון דער אפ־
טיילונג, פרעזידענט סאפיע טאקער, סעקרעטערי וויס־
העד, און וויס־פרעזידענט ריטשמאן, אויף פארשיידענע
קלאגען, האט זיי סוספענדירט און האט אוועקגענומען
דעם טשארטער פון דער אפטיילונג און רעארגאניזירט
איר מיט אנדערע באאמטע.

די ארויסגעשטויסענע באאמטע האבען זיך דאן גע־
ווענדעט צו דער יוניאן פון די סטיידזש־הענט, און יענע
האט זיי געגעבען א טשארטער. דאס האט געמיינט, אז
די צווייטע אינטערנעשאנאל וואס האט ביז איצט געהאט
בלויז יוריסדיקציע אויף די טעכנישע ארבייטער, האט
אנגעהויבען אריינעמען אויך ארטיסטען. דאס האט גע־
שאפען א ביטערען יוריסדיקציע־קאמף.

אט דער סכסוך איז געבראכט געווארען צום עקזע־
קוטיוו קאונסיל פון דער פעדערײשאן. די אקטיארן
יוניאן האט געפאדערט, אז דער קאונסיל זאל ארדערן
די סטעידזש־הענט יוניאן צוריקצוציהען דעם טשארטער
פון די אויסגעשלאסענע.

על פי שכל און יושר, האט די אמעריקען פעדע־

---

געשאפען, הייל דער ווערט פון געלד־וואלוטעס האלט אין
איין בייטען זיך, ספעציעל אין אייראפעאישע לענדער, און
די פרייזען פון לעבענסמיטלען זיינען אויך זייער וואקל־
דיגע אויף דער גאנצער וועלט. ווען מען רעכענט אבער
אויס, וועלכע מענגע לעבענסמיטלען דער ארבייטער קען
זיך קויפען מיט'ן לוין פון א טאג ארבייט, איז דאס א
פעסטער באגריף, דער רעאלער לוין. כדי אויפצושטע־
לען א פראפארציע, מוז מען אויסגיין פון א פעסטען
פונקט און אלס פעסטער אויסגאנגס־פונקט ווערט אנגע־
נומען דאס יאר 1929, דאס פראספעריטי־יאר פאר'ן
אינטערנאציאנאלען עקאנאמישען קראך. אויב עס ווערט
אנגענומען דער דורכשניטליכער רעאלער ארבייטס־לוין
פון יענעם יאר מיט דער ציפער 100, ווייזען די פרא־
פארציע־ציפערן פון די ווייטערע יארען מיט וויפיל דער
ארבייטסלוין איז געשטיגען אדער געפאלען.

און איצט לאמיר באטראכטען עטליכע פון די אפי־
ציעלע ציפערן אין אייניגע לענדער. דער רעאלער
לוין האט באטראפען:

| | 1929 | 1935 | 1938 |
|---|---|---|---|
| פראנקרייך — — — — — | 100 | 119 | 150 |
| פאראייניגטע שטאטען — | 100 | 123 | 141 |
| ענגלאנד — — — — — | 100 | 111 | 112 |
| איטאליע — — — — — | 100 | 111 | 110 |
| דייטשלאנד — — — — — | 100 | 99 | 98 |
| יאפאן — — — — — — | 100 | 109 | 95 |

ווי מען זעט, איז דער ארבייטסלוין אין די דריי
גרויסע דעמאקראטישע מלוכות ארויפגעגאנגען; אין די
דריי גרויסע פאשיסטישע מלוכות — ארונטערגעפאלען.
אין ענגלאנד איז דער אויפשטייג נישט קיין גרויסער, די
טענדענץ איז אבער פארט א שטייגענדיגע, אין איטאליע
איז דער צוריקגאנג נישט קיין גרויסער, די טענדענץ
איז אבער אלענפאלס א פאלענדיגע.

אין די דעמאקראטישע לענדער שטייגט דער אר־
בייטסלוין, אין די פאשיסטישע לענדער פאלט דער אר־
בייטסלוין.

דאס איז נישט קיין צופאל.

ריישאן אוו לייבאר, לויט איר אייגענער קאנסטיטוציע און פרעצעדענטען, ניט געקענט טאן קיין אנדער זאך, ווי גוטהייסען די פאדערונג פון דעם אקטיארען פארבאנד. פאליטיק אבער האט דא, ווי עס שיינט, געשפילט א וויכטיגע ראליע. ערשטענס, האט עס גענומען דעם קאונסיל איבער א וואך ביז ער האט ארויסגעטראגען אן אנטשיידונג. די געמיטער זיינען געווארען אלץ מער אויפגערעגט. צום סוף האט די פעדעריישאן באשלאסען, אז דער טשארטער פון די סטעידזש־הענט דארף טאקע צוריקגעצויגען ווערען, אבער די סוספענדירטע באאמטע דארפען האבען דאס רעכט צו לויפען אלס קאנדידאטען פאר די זעלבע עמטער אין אן עלעקשאן וואס זאל געהאלטען ווערען ניט שפעטער ווי אין 90 טעג.

די פירער פון אקטיארען פארבאנד האבען אט די אנטשיידונג צוריקגעוויזען, אלס א פארלעצונג פון זייער אויטאנאמיע אלס אינטערנעשאנאל יוניאן. זיי סטראשען איצט זיך אפצורייסען פון דער פעדעריישאן און, ווי עס הייזט אויס, האבען זיי מיט זיך די ברייטע מיטגלידערשאפט. דער קאמף איז שוין דערווילע אריין אין די געריכטען. אויב זיי זאלען זיך אפרייסען פון דער פעדעריישאן און זיך אנשליסען אן דער סי. אי. א. וועט זיך אנטוויקלען אזא מלחמה, וואס וועט שטעלען אין געפאר די אלע יוניאנס אין די פארוויילונגס־פאכען.

## שריפטזעצער יוניאן סוספענדירט פון דער פעדעריישאן

די צווייטע יוניאן, וועלכע דער עקזעקוטיוו קאונסיל האט ארויסגעשטויסען פון דער פעדעריישאן, איז די אינטערנעשאנאל טיפאגראפיקעל יוניאן, די עלטסטע יוניאן פון דער פעדעריישאן און איינע פון די טשארטער־מעמבערס פון דער א. פ. אוו ל. דער עקזעקוטיוו קאונסיל האט סוספענדירט די אינטערנעשאנאל דערפאר, וואס זי האט זיך אנטזאגט צו צאלען דעם ספעציעלען טעקס וואס די פעדעריישאן האט ארויפגעלעגט אויף אלע אנגעשלאסענע יוניאנס פאר א פאנד צו באקעמפען די סי. אי. א.

דער טעקס איז ארויפגעלעגט געווארען ביי דער פעדעריישאן קאנווענשאן אין 1937 און טרעפט אן 1 סענט פאר יעדען מיטגליד פון דער יוניאן א מאנאט. דער פארשטארבענער טשארלז האוארד, וועלכער איז דעמאלט געווען פרעזידענט פון דער שריפטזעצער אינטערנעשאנאל און איז אליין געווען סעקרעטער פון דער סי. אי. א., האט, אין איינקלאנג מיט זייער קאנסטיטוציע, די פראגע פון טעקס איבערגעגעבען צו די מיטגלידער פאר א רעפערענדום און זיי האבען עס מיט א מאיאריטעט שטימען צוריקגעוויזען. ביי דער קאנווענשאן פון דער א. פ. אוו ל. לעצטען יאר האט עס שוין געהאלטען דערביי אז מען זאל די דעלעגאטען פון דער שריפטזעצער יוניאן ניט צולאזען ווייל זיי האבען ניט געצאלט דעם טעקס. דער נייער פרעזידענט, בעיקער, האט גע'פועל'ט, אז מען זאל צולאזען די דעלעגאטען, פארשפרעכענדיג איבערצושיקען די פראגע פון טעקס נאך א מאל צו א רעפערענדום פון די מיטגלידער. דערצו האט זיך אבער געפאדערט די אונטערשריפטען פון א צאל לאקאלס אויף דער פעטיציע, און דאס האט בעיקער ניט געקענט קריגען דורכ'ן יאר. דער רעפערענדום איז דעריבער ניט געהאלטען געווארען און די יוניאן האט ניט געצאלט דעם טעקס. איבער דעם האט מען די יוניאן איצט סוספענדירט פון דער פעדעריישאן.

ווען די שורות ווערען געשריבען, האלט די שריפטזעצער יוניאן איר 83טע יערליכע קאנווענשאן אין פארט ווארט, טעקסעס. די מעסיגע צווישען די פירער פלאנעווען צו פועל'ן ביי דער קאנווענשאן, אז די פראגע פון דעם ספעציעלען שטייער פון דער פעדעריישאן זאל ווידער איבערגעגעבען ווערען צו א רעפערענדום. די גרעסטע לאקאלס, אבער, ווי די ניו יארקער „ביג סיקס" און אנדערע, זיינען געגען דעם. זיי טענה'ן, אז עס איז ניט די פראגע פון די עטליכע טויזענט דאלאר, וואס דער טעקס טרעפט אן, נאר א פראגע פון אויטאנאמיע פון די אנגעשלאסענע אינטערנעשאנאל יוניאנס. לויט זיי, קומט אויס אז די פעדעריישאן האט קיין רעכט ניט ארויפצולעגען קיין טעקסעס. וואס דער באשלוס פון דער קאנווענשאן וועט זיין קען מען נאך איצט ניט זאגען.

אינטערעסאנט איז, וואס דער סעקרעטער טרעזשורער פון דער א. פ. אוו ל., מאריסאן, איז א מיטגליד פון דער שריפטזעצער יוניאן. אויב די דעלעגאטען פון דער יוניאן זאלען ניט צוגעלאזען ווערען צו דער פעדעריישאן קאנווענשאן, וועט ער ניט קענען זיין דארט א דעלעגאט און וועט ניט קענען ווידער ערוויילט ווערען צום אמט. סיידען ער וועט זיך אנשליסען אן אן אנדער יוניאן. דאן וועט ער זיין אין דער זעלביגער לאגע ווי פרעזידענט גרין, וועלכער האט זיך אנגעשלאסען אן דער מוזיקערס יוניאן ווען זיין אייגענע יוניאן, די יונייטעד מיין וואירקערס יוניאן, איז סוספענדירט געווארען.

## יוריסדיקציע סטרייקס אין די בילדינג טריידס אפגעשאפט

די איינציגע אויסנאם, וואס מיר האבען דערמאנט, וואו דער עקזעקוטיוו קאונסיל האט געזוכט און עס איז אים אויך געלונגען אפצושטעלען די אינערליכע צווייטיגקייטען און רייסערייען, זיינען די בילדינג טרייד יוניאנס, וואו עס איז באשלאסען געווארען אפצושטעלען די יוריסדיקציע סכסוכים וואס האבען אפט געפירט צו סטרייקס און אפילו צו בלוטיגע געשלעגען צווישען מיטגלידער פון די פארשיידענע פאך יוניאנס. אלע סכסוכים וועלען פון היינט און ווייטער אויסגעגליכען ווערען פון די פרעזידענטען פון די אינטערנעשאנאל יוניאנס, וואס וועלען זיך פאר דעם צוועק פארמירען אין א קאמיטע.

פאר די וואס זיינען באקאנט מיט דער געשיכטע פון די יוריסדיקציע־רייסערייען אין די בילדינג טריידס, וועט אט דער באשלוס, קלינגען ווי משיח־צייטען. אט די רייסערייען זיינען געווען די קוואל פון אלערליי צרות און שוואכקייטען אין דער א. פ. אוו ל., וואס האט געשעדיגט איר פרעסטיזש און האט ארויסגערופען דעם ווידערווילען צו איר אין פילע מיטעל־קלאס קרייזען וואס זיינען אין אלגעמיין גאנץ ליבעראל. די בילדינג טרייד יוניאנס, דארף מען וויסען, זיינען דער רוקען־ביין פון דער א. פ. אוו ל. אפילו איצט, ווען די פעדעריישאן איז שוין אויסגעוואקסען צו דער גרויס פון קארגע פינף מיליאן מיטגלידער, ווי פרעזידענט גרין האט אנגעגעבען דעם מאנאט אין א רעדע ביי דער קאנווענשאן פון דער ניו יארק סטייט פעדעריישאן אוו לייבאר, זיינען נאך די בילדינג טרייד יוניאנס אלץ ארום א העלפט פון איר גאנצער מיטגלידער־צאל. אין די צייטען פון קריזיס, ווען די פעדעריישאן איז געווען אפגעשוואכט און איז שטארק איינגעשרומפען אין צאל, זיינען די יוניאנס אין דער בוי־אינדוסטריע פאקטיש געווען די פעדעריישאן. רייסערייען און סטרייקס צווישען די יוניאנס וואס האבען אפט אפגעשטעלט די ארבייט אויף גרויסע געביידעס און האבען געבראכט צענדליגע טויזענטער דאלאר שאדען צו די אונטערנעמער און קאנטראקטארס און גרויסע אומבאקוועמליכקייטען דעם עולם, האט געגעבען די אלערליי יוניאן־שונאים די געלעגענהייט צו פאר'מיאוס'ן יוניאנס אין אלגעמיין. דער באשלוס, די יוריסדיקציע־סטרייקס אפצושטעלען, איז דעריבער פון דער גרעסטער וויכטיגקייט.

עס זיינען נאטירליך געווען וויכטיגע עקאנאמישע און ארגאניזאציאנעלע אומשטענדען, וואס האבען געבראכט דערצו, אז דווקא אין דער אינדוסטריע זאלען די יוריסדיקציע רייסערייען אננעמען אזוינע העסליכע און אפט בלוטיגע פארמען. אין קיין אנדערע יוניאנס איז דער פאך יוניאניזם ניט אזוי שארף אנטוויקעלט ווי אין די בילדינג טריידס. די יוניאנס זיינען דארט אלטע און שטארק באפעסטיגט. בוי ארבייטער, די מערסטע פון זיי, זיינען הויך קוואליפיצירטע ארבייטער וואס עס נעמט א לאנגע צייט זיך אויסצולערנען דעם טרייד. עס איז דעריבער נאטירליך, אז די יוניאנס זאלען דארטען מיט דער גרעסטער פארביסענקייט פארטיידיגען זייער יוריסדיקציע געגען יעדען פארזוך פון א צווייטער יוניאן זי אוועקצונעמען. דערצו נאך האט די טעכנישע אנטוויקלונג פאר די לעצטע יארען געבראכט גרויסע ענדערונגען. עס זיינען אויפגעקומען נייע מאטעריאלען און נייע מעטאדען פון ארבייט און דער געברויך פון אלטע מאטעריאלען איז איינגעשרונקען אדער אין גאנצען פארווארפען געווארען. אזוי ווי די יוריסדיקציע פון די פאך יוניאנס איז מערסטענס באשטימט לויט די מאטעריאלען, מיט וועלכע זיי ארבייטען, ווי האלץ, צעמענט אדער מעטאל, האט יעדער פאך געזוכט צו פארכאפען יוריסדיקציע אויף דער ארבייט מיט נייע מאטעריאלען, ווייל אפט איז אן דעם אפגעהאנגען די עקזיסטענץ פון דער יוניאן. ניט אלע מאל זיינען די מאטיוון פון די וואס האבען אנגעפירט אט די יוריסדיקציע־שטרייטען געווען ערליכע. ניט אלע מאל זיינען די מעטאדען, וואס געוויסע פירער האבען באנוצט, געווען זויבערע. די יוריסדיקציע־שטרייטען האבען אין מאנכע פאלען געשאפען קארופציע, אבער דער באדען פאר דעם איז געווען אן עקאנאמישער און ארגאניזאציאנעלער.

אבער פונקט ווי עס זיינען געווען גרינדליכע אינדוסטריעלע און ארגאניזאציאנעלע אורזאכען, וואס האבען ארויסגערופען אט די יוריסדיקציע רייסערייען, פונקט אזוי זיינען איצט פאראן וויכטיגע פאקטארען וואס האבען געצוואונגען די פירער פון דער פעדעריישאן אויסצומיידען סטרייקס צוליב אזוינע סכסוכים. איינע און די וויכטיגסטע פון די אורזאכען איז טאקע דער קאמף צווישען דער א. פ. אוו ל. און דער סי. אי. א.

צווישען די פעדעריישאן יוניאנס, וואס די סי. אי. א. האט לעצטענס בעגומען זיך ארייגרייסען און שאפען אפא־יוניאן האט פארשפראכען ניט אויסצונוצען די פאציפיץ

זיציעס, זיינען די יוניאנס אין דער בוי־אינדוסטריע. דזשאהן ל. לואיס האט דעם מאנאט ארגאניזירט א קאמיטע צו שאפען אן אינדוסטריעלע בוי ארבייטער יוניאן, אלס פירער פון דער קאמיטע האט ער באשטימט זיין ברודער, א. ד. לואיס. אין אירע סטייטמענטס האט טאקע די קאמיטע באהויפטעט, אז זי זוכט ניט אוועקצורייסען די ארגאניזירטע פאך־יוניאנס פון דער פעדעריישאן, נאר צו ארגאניזירען די בוי־ארבייטער וואס זיינען ניט אנגעשלאסען אין יוניאנס. אלע ווייסען אבער, וואס אזוינע ערקלערונגען זיינען ווערט. און טאמער וואלט זיך נאך געפונען אימיצער, וואס וואלט געגלויבט די באהויפטונג, איז די קאמיטע ארויסגעקומען מיט א דערקלערונג, אז ביי איר וועט ניט זיין קיין יוריסדיקציע־סטרייקס; אז זי שאפט אפ די איינטריטס־געלד פאר נייע מעמבערס און אז דיוס אין דער יוניאן וועט ניט זיין מער ווי א דאלאר פופציג א מאנאט. דאס איז, אלזא, א דירעקטער אנבאט סיי די בעלי־בתים און סיי די ארבייטער וואס באלאנגען צו די פאך־אינטערנעשאנאלס, און עס לוינט זיך זיי בעסער צו גיין מיט דער סי. אי. א. ווי האלטען זיך ביי די א. פ. ל. יוניאנס. דער קאונסיל פון דער פעדעריישאן, כדי צוריקצושלאגען דעם אנבאט, האט דעריבער געפונען פאר נויטיג אפצושטעלען די יוריסדיקציע סטרייקס.

א ראליע האבען דערביי אויך געשפילט די קאנצענטרירטע אטאקעס אויף די בילדינג טרייד יוניאנס מצד קאפיטאליסטען און אפילו מצד מאנכע רעגירונגס־פארטרעטער. די בוי־אינדוסטריע איז איצט זייער וויכטיג אין דער גאנצער עקאנאמיע פון לאנד. די רעגירונג איז אין דעם פאראינטערעסירט צוליב די פארשיידענע בוי־פראיעקטען פאר ביליגע וואוינונגען, וואס זי האט אונטערנומען און זי שטיצט. האט מען לעצטענס גענומען רעדען וועגען די הויכע קאסטען פון בויען הייזער. אטוירני דזשענעראל מורפי האט ערקלערט, אז ער גייט אונטערזוכען די מאנאפאליסטישע טענדענצען וואס שרויפען ארויף פרייזען אויף מאטעריאלען און ארבייט, און מען האט געגעבען צו וויסען, אז די אונטערזוכונג וועט אויך גרייכען די יוניאנס און זייערע פירונגען. די מאנאפאליעס פון בוי־מאטעריאלען און די באנקירען, וואס שינדען די הויט דורך הויכע פראצענטען אויף באנוסעס אויף מארטגיידזשעס, האבען זיך אנגעשלאסען אן דעם כאר צו ווארפען די גאנצע שולד אויף די יוניאנס. אנטער דער אטאקע אויף אלע פראנטען, האט די פעדעריישאן איינגעזען אז זי מוז געווינען דעם גוטען ווילען פון דער עפענטליכער מיינונג און האט דעריבער אנגענומען דעם באשלוס אפצושטעלען די יוריסדיקציע־סטרייקס. אבער ווי זאגט א ווערטעל: זאל זיין פון א קאזאק, אבי צום לעבען. די יוניאנס וועלען זיכער פיל געווינען פון דעם באשלוס.

## א נייע „לודלאו" אין קאלאראדא

די וואס האבען זיך איינגערעדט, אז די ערמארדונג פון סטרייקערס אין אמעריקע איז שוין א זאך פון דער פארגאנגענהייט, האבען דעם מאנאט געקראגען א לעקציע, אז וואס אנבאלאנגט געוויסע געגענדען האט זיך קיין זאך ניט געענדערט פאר די לעצטע פינף און צוואנציג יאר.

זיבען סטרייקערס אויף א דאמבע, וואס ווערט געבויט פון דער רעגירונג אין גרין ריווער, קאלאראדא, זיינען דעם מאנאט געשאסען געווארען פון ווידזשילאנטי גענגסטערס, אנגעשטעלט פון קאנטראקטאר. איינער פון די פארוואונדעטע איז אין א געפערליכען צושטאנד. די סטרייקער זיינען באלאגערט געווארען פון די באוואפענטע געגנסטער די גאנצע נאכט און בלויז ווען עס איז אנגעקומען מיליטער און אנטוואפענט די צעיושעטע באנדע האבען זיי געקענט פארלאזען זייער לאגער. דער סטרייק איז געבראכען געווארען.

דער סטרייק איז אנגעפירט געווארען פון דער א. פ. אוו ל. די סטרייקער האבען פרידליך געפיקעט. אבער דער שעריף האט איינגעשווארען און באוואפענט א באנדע כוליגאנעס און האט זיי אפגעלאזט אויף די פרידליכע סטרייקער. דער גאווערנאר האט אזוי ארום געקראגען א גוטען אויסרייד צו ערקלערען קריגס־צושטאנד און ברעכען דעם סטרייק. די פאסירונגען זיינען זייער ענליך צו דער בלוט־באד, וואס איז דורכגעפירט געווארען אין 1913 אין לאדלאו, אין דעם זעלבען סטייט.

## סטרייקס און סעטעלמענטס דעם מאנאט

דער סטרייק פון די טול און דאי מייקערס אין די דזשענעראל מאטאר פאבריקען, זיינען דעם מאנאט געסעטעלט געווארען מיט א קאמפראמיס. די טול און דאי ארבייטער האבען געקראגען מאנכע העכערונגען אויף די שכירות און אנדערע פארבעסערונגען, ווי סעניאריטי רעכט, רעגולאציע פון לערן־אינגלאך און ענליכעס. די

# וואס עס הערט זיך אין דער אינטערנעשאנאל



י באריכטען פון די פארשיידענע צענטערס פון דער פרויען קליידער אינדוסטריע איבער'ן לאנד זיינען, אין אלגעמיין גענומען, דעם מאנאט געווען פרייליכערע ווי לעצטען מאנאט. פון די מערסטע פלעצער און אין די מערסטע טריידס ווערט באריכטעט, אז עס איז דא ארבייט אין די שעפער, וואו מער וואו ווייניגער. אן אויסנאם איז די קלאוק אינדוסטריע, וואו די האפנונגספולע פאראויסזאגונגען פאר א גוטען סעזאן איז דערווייליג ניט מקוים געווארען. די ביסעל ארבייט וואס עס האט זיך געוויזען אין אנפאנג האט לאנג ניט אנגעהאלטען און איצט, סוף אויגוסט, ווען מען האט ערווארט אז דער סעזאן זאל שוין זיין אין פולען שוואונג, איז פאראן זייער ווייניג ארבייט אין די שעפער.

מיט דעם אויפלעבען פון דער ארבייט, איז אויך פארשטארקט געווארען די טעטיגקייט פון דער יוניאן. די ארגאניזאציאנס ארבייט וואס איז איינגעצאמט געווארען אין דער סלעק־צייט איז ווידער אוועק אין פולען גאנג.

## קלאוק דזשאינט באארד נעמט איבער סנאו סוט שאפ פון אמאלגאמייטעד נאך א סטרייק

דער טשילדרען און אינפאנטס קאוט דעפארטמענט פון דער קלאוק דזשאינט באארד האט אונטערגעשריבען אן אגרימענט מיט דער „ארידזשינעל נאוועלטי קאמפאני" געגען וועלכער א פארביטערטער סטרייק איז אנגעפירט געווארען פאר די לעצטע צוויי וואכען.

די פירמע וועלכע געפינט זיך אין 2540 בעלמאנט עווענו, בראנקס, מאכט מיידעלשע סנאו סוטס, סקי־פענטס, לעגינגס און אינפענטס קאוט סעטס וואס באלאנגען אונטער דער יורסדיקציע פון דער אינטערנעשאנעל. דארט ווערען באשעפטיגט אין סעזאן ארום 80 ארבייטער. די פירמע ארבייט פאר די קלאוק דזשאבערס האלצבערג בראדערס און ה. בלאק. אנשטאט אבער צו האבען אן אגרימענט מיט דער קלאוק דזשאינט באארד און ארבייטען אונטער די סטענדארדס פון דעם טשילדרענס קאוט דעפארטמענט, מיט א 35־שטונדען וואך, א מינימום פון 14 דאלער פאר פלאר מיידלאך און די אנדערע יוניאן באדינגונגען, האט די פירמע בעסער געסיינט אן אגרימענט מיט דעם וואשייבל באיס סוט לאקאל 169 פון דער אמאלגאמייטעד אויף א 40־שטונדען וואך, אומבאגרעניצטע אווערטיים, לערנערס פאר צען וואכען מיט 8 און 10 דאלער א וואך, פלאר מיידלאך מיט צען און צוועלף דאלער א וואך, און אין אלגעמיין נידעריגערע סטאנדארדס און א שוואכערען קאנטראל.

דורך אונטערזוכען די ביכער פון די דזשאבערס האט דער אינפענטס קאוט דעפארטמענט פון דער קלאוק דזשאינט באארד אויסגעפונען וואו די ארבייט ווערט געמאכט און ארונטערגענומען די ארבייטער פון דער ארידזשינאל נאוועלטי קאמפאני אין סטרייק.

דער סטרייק איז ערקלערט געווארען דעם זיבעטען אויגוסט. די ארבייטער פון שאפ האבען גערן אונטערגעשריבען אפליקאציעס צו דער אינטערנעשאנעל און זיינען ארונטער סטרייקען. צוויי וואכען האבען זיי באוואכט דעם שאפ און אלע פארזוכען פון די ביזנעס אגענטען פון לאקאל 169 פון דער אמאלגאמייטעד צו ברעכען דעם סטרייק דורך צושטעלען דעם באס ארבייטער, ברענגענדיג זיי צום שאפ אין פריוואטע קארס, זיינען דורכגעפאלען. די פיקעטס האבען די סטרייקערס ניט אריינגעלאזען.

נאך צוויי וואכען סטרייקען איז דער באס געצוואונגען געווארען אונטערצושרייבען אן אגרימענט מיט דער קלאוק דזשאינט באארד אויף פאלגענדע באדינגונגען: די ארבייטס וואך ווערט געשניטען פון 40 אויף 35 שטונדען; אלע פלאר מיידלאך וועלכע קריגען ווייניגער פון 14 דאלער א וואך, וואס איז דער סקעיל, דארפען גלייך קריגען א העכערונג פון צוויי דאלער א וואך און צום נעקסטען סעזאן דארפען זיי קריגען די יוניאן סקעיל; פרייזען פאר די אפערייטארס וועלכע ארבייטען פון שטיק, דארף געסעטעלט ווערען לויט די סטאנדארדס פון דעם אינפענט און טשילדרענס קאוט טרייד פון דער קלאוקמאכער יוניאן.

דער סטרייק איז אנגעפירט געווארען פון מאודי קאהען און דער סעטעלמענט איז געשלאסען געווארען דורך וויס־פרעזידענט י. העלער, מענעדזשער פון דעפארטמענט.

## אין דער דרעס דזשאינט באארד

אלס רעזולטאט פון דעם פארשטארקטען קאנטראל איבער די באדינגונגען אין די אוט או טאון שעפער וואס ארבייטען פאר ניו יארקער דרעס דזשאבערס זינט די דרעס דזשאינט באארד האט איבערגענומען דעם קאנטראל איבער די שעפער, איז די „דענדי דרעס קא׳" — א ניו יארקער דזשאבער — געצוואונגען געווארען צו באצאלען 3,500 דאלער בעק־פעי צו די ארבייטער פון זיינע קאנטראקטארס אוט או טאון ווען ער האט געצאלט ווייניגער ווי ער האט געדארפט צאלען פאר דער סארט דרעסעס וואס זיי האבען געמאכט.

פאר די ארבייטער פון דעם דרעס קאנטראקטאר וואלף פון רעני גראוו, ניו דזשוירזי, וואס ארבייט פאר די „דענדי דרעס", האט די יוניאן איינגעמאנט 2,000 דאלער בעק־פעי. די יוניאן האט אויך איינגעמאנט 1,500 דאלער בעק־פעי פאר די ארבייטער פון די צוויי קאנטראקטארס, די „עי. סי. סי." און די „עי. בי. סי." פון יוניאן סיטי, ניו דזשוירזי.

ווי דזשוליוס האכמאן, דזשענעראל מענעדזשער פון דער דרעס דזשאינט באארד, גיט איבער, איז דער קאנטראל איבער די באדינגונגען אין די אוט או טאון דרעסשעפער פיל פארשטארקט געווארען זינט זיי זיינען געשטעלט געווארען אונטער דעם דירעקטען אויפזיכט פון דער דזשאינט באארד. דער קאנטראל אין אלע שעפער וואס ארבייטען פאר די ניו יארקער דזשאבערס, סיי די אין ניו יארק און סיי די וואס געפינען זיך אין די ארומיגע שטעט, איז איצט אן איינהייטליכער און עס איז דעריבער לייכטער צו ענפארסען איינהייטליכע באדינגונגען.

אסיסטענט דזשענעראל מענעדזשער, מ. מאסקאוויץ, אונטער וועמעס אויפזיכט עס געפינען זיך די אוט או טאון שעפער, באריכטעט אז די יוניאן האט שוין כמעט פארענדיגט דאס איינפירען די שטיק־ארבייט סיסטעם אין אלע שעפער פון דער ביליגער ליין וואו מען האט ביז איצט געארבייט פון וואך. לויט א באשלוס פון דער דזשאינט באארד, איז וואך־ארבייט אפגעשאפט געווארען אין אלע שעפער פון דער ביליגער ליין דרעסעס אום צו העכערן די פארדינסטען פון די ארבייטער און אויסגלייכען די קאסטען פון פראדוקציע אין אלע שעפער. די אוט או טאון שעפער ווערען קאנטראלירט פון די ביזנעס אגענטען א. סטאום, מ. טאמאס און פיטשעריני.

## אוט או טאון באס געצוואונגען צוריק צו עפענען שאפ אין ווילמינגטאן

די דרעס דזשאינט באארד האט דורך האנדלונג היינטיגען מאנאט געגעבען א געהעריגען ענטפער די אוט או טאון באסעס וואס זוכען איינצושמועסען זייערע ארבייטער, אז די יוניאן זוכט ארויסצוטרייבען פון ביזנעס די שעפער אוט־או־טאון אום די ניו יארקער דרעסמאכער זאלען קענען צונעמען פאר זיך די גאנצע ארבייט. א באס, וועלכער האט אויפגעגעבען זיין שאפ אין ווילמינג־

צו פאדערן אלגעמיינע העכערונגען פאר די פראדוקציע־ארבייטער דעם סעזאן. זי האט אבער געוואונען פולע אנערקענונג ביז די אפשטימונג פון דער לייבאר באארד האט ענדגילטיג אנטשיידען וועלכע יוניאן איז בארעכטיגט צום אגרימענט, די מארטין פראקציע אדער די סי. אי. א. יוניאן.

אין באסטאן זיינען דעם מאנאט געווען צוויי סטרייקס פון טראנספארט ארבייטער. די טראנספארט ארבייטער יוניאן פון דער סי. אי. א. האט גערופען א סטרייק געגען דער באס און פראלי קאמפאניע וועלכע האט אונטערגעשריבען א קלאוזד שאפ אגרימענט מיט אן אינדעפענדענט יוניאן אין דער צייט ווען עס האט געדארפט דורכגעפירט ווערען אן אפשטימונג פון די ארבייטער אונטער דער אויפזיכט פון דער סטייט לייבאר רילעישאנס באארד. די יוניאן האט זיך אויך געווענדט אין געריכט נאך אן אינדזשאנקשאן.

די אמאלגאמייטעד סטריט און עלעקטריק ריילוועי ארבייטער יוניאן פון דער א. פ. אוו ל. האט דעם מאנאט גערופען א סטרייק פון די דרייווערס אויף דער גרעיהונד באס ליין אין באסטאן פאר אנטזאגען צוויי ארבייטער פאר יוניאן־טעטיגקייט. דער סטרייק האט אפגעשטעלט די באסעס צווישען באסטאן און מעין סטייט, און צווישען באסטאן און ניו יארק.

די טעקסטיל ארבייטער יוניאן האט דעם מאנאט באנייט דעם אגרימענט מיט דער סילק מאנופעקטשורערס אסאסיאיישאן פון פאטערסאן, ניו דזשוירזי. דער אלטער אגרימענט איז באנייט געווארען פאר נאך א יאר אויף די זעלביגע באדינגונגען.

די יונייטעד מיין ווארקערס כעמישע אפטיילונג האט אונטערגעשריבען א קלאוזד שאפ אגרימענט מיט דער דאי ספעשעלטיס קארפארײשאן פון דזשוירזי סיטי. די שכירות זיינען געהעכערט געווארען פון 40 און 50 סענט א שטונדע אויף 75 סענט א שטונדע מינימום; די ארבייטס־צייט איז רעדוצירט געווארען צו 37½ שעה א וואך; אנדערהאלבען מאל געצאלט פאר אווערטיים און טאפעלט געצאלט פאר געזעצליכע ימים טובים.

דער דזשאינט קאונסיל פון די פעדערײשאן יוניאנס אין דעפארטמענט סטארס האט דעם מאנאט אונטערגעשריבען אגרימענטס מיט די דעפארטמענט סטארס פון סאעסער ענד קא. און מיט לודוויג באומאן. די לאעסער סטאר איז איינע פון די עלטסטע אין ניו יארק און האט קיינמאל ניט געהאט קיין יוניאן אגרימענט. די ארבייטער האבען געקראגען א העכערונג אויף די שכירות פון צוויי ביז אכט דאלאר אויף דער וואך; אן אכט און פערציג שטונדען־וואך מיט עקסטרא געצאלט פאר אווערטיים; וואקיישאנס מיט געצאלט און אנדערע פארבעסערונגען.

די לאגעדוש ארבייטער, מיטגלידער פון דער אינטערנעשאנאל לעדער־גודס ארבייטער יוניאן, זיינען דעם מאנאט ארונטער אין סטרייק צו צווינגען די בעלי בתים אנצוהאלטען די 37½ שטונדען וואך אויך אין דעם נייעם אגרימענט. די בעלי בתים פאדערן א פארלענגערונג פון דער ארבייטס־וואך צו 40 שטונדען. ארום טויזענט ארבייטער אין ניו יארק זיינען אין סטרייק.

דער סכסוך צווישען דער „ארמאר פעקינג קא." מיט דער סי. אי. א., וואס האט געסטראשעט צו פארורזאכען א סטרייק אין אלע אפטיילונגען פון דער קאמפאני איבער'ן גאנצען לאנד, איז אויסגעגליכען געווארען דורך דער פארמיטלונג פון לייבאר דעפארטמענט. די יוניאן האט איינגעשטימט צו פארהאנדלען אין יעדען פון דער קאמפאני'ס פלענטס באזונדער, אנשטאט דעם נאציאנאלען אגרימענט, וואס זיי האבען געפאדערט.

דערווייל האט שוין די ארמאר א צוריקגענומען צו דער ארבייט די 13 אפגעזאגטע ארבייטער, נאכדעם ווי די יוניאן האט געווארנט, אז זי וועט רופען א סטרייק אויב מען וועט די ארבייטער ניט צוריק אנשטעלען. די סי. אי. א. יוניאן האט אויך געוואונען א מאיאריטעט אין דער אפשטימונג, וואס די לייבאר באארד האט דורכגעפירט אין דער זייף־פאבריק פון דער ארמאר קאמפאני אין שיקאגא. 808 ארבייטער האבען זיך באטייליגט אין דער אפשטימונג. פון זיי האבען 660 געשטימט פאר דער סי. אי. א. און 148 געגען.

די נעשאנאל שוגער ריפיינינג קא. האט דעם מאנאט צוגעמאכט אירע צוויי פאבריקען אין לאנג איילאנד און ניו דזשוירזי, ווען די ארבייטער האבען באשלאסען ארויסצוגיין אין סטרייק. די פארהאנדלונגען פאר באנייען דעם אגרימענט זיינען אפגעבראכען געווארען, ווען די יוניאן האט געפאדערט קלאוזד שאפ. די קאמפאני פרובירט אונטערקויפען די ארבייטער, זיי זאלען זיך אפווארפען פון דער יוניאן, דורך באצאלען זיי פאר וואקיישאן. דאס וועט איר אבער זיכער ניט געלינגען.

טאן, דעלעווער, און געזוכט צו עפענען אים אין ניו יארק, איז געצוואונגען געווארען פון דער יוניאן צוריק צו עפענען זיין שאפ און צוריקנעמען די ארבייטער וועלכע ער האט אויסגעשלאסען.

די פירמע איז „די קוואליטי דרעס“ (ליפסטיין בראדערס). די פירמע האט געהאט א שאפ, וואו עס האבען געארבייט 75 בעל מלאכות אין ווילמינגטאן. א געוויסען שבת אנפאנג יולי האט די פירמע געלאזט וויסען אירע ארבייטער, אז זי וועט זיין געשלאסען א פאר וואכען, און דעם נעקסטען מאנטאג האבען די ארבייטער אויסגעפונען אז דער באס האט ארויסגענומען די מאשינען און איז פארשוואונדען.

וויס פרעזידענט עלייאס רייזבערג פון קאטען גארמענט טרייד דעפארטמענט, האט זיך גלייך געשטעלט אין פארבינדונג מיט דער דרעס דזשאינט באארד און די פירמע איז פארקלאגט געווארען פאר'ן אימפארשעל טשערמאן פאר אויסשליסען זיינע ארבייטער. רייזבערג און אסיסטענט דזשענעראל מענעדזשער פון דער דזשאינט באארד, מעקס מאסקאוויץ, האבען פארטראטען די יוניאן. דער אומפארטייאישען טשערמאן, יאוועליר, האט ענטשיידען צו גונסטען דער יוניאן און געאָרדערט די פירמע צוריק צו עפענען דעם שאפ אין ווילמינגטאן אדער נאענט דערביי און צוריק נעמען די 75 ארבייטער. די יוניאן איז אנטשלאסען צו טאן אלץ וואס נויטיג צו צווינגען דער פירמע אויסצופאלגען די אנטשיידונג.

## פיר בעטהראוב פירמעס סעטלען; סטרייק אין טרייד פארטגעזעצט

די טשילדרען דרעס, הויז דרעס און בעטהראוב ארבייטער יוניאן לאקאל 91 איז איצט פארוויקעלט אין א סטרייק אין בעטראוב טרייד וואס צווינגט איר אנצופירען א קאמף אויף עטליכע פראנטען גלייכצייטיג. ווי געוויינליך איז אזא קאמף ניט גרינג, אבער די יוניאן פירט אים אן מיט געהעריגער אנטשלאסענקייט און מוט. אלס רעזולטאט דערפון האבען שוין פיר פירמעס וועלכע רעכענען זיך צווישען די גרעסערע אין טרייד, אונטערגעשריבען דעם נייעם אגרימענט מיט דער יוניאן. די אנדערע שעפער ווערען שטרענג באוואכט פון די פיקעטס און די יוניאן איז גרייט צו באנוצען אירע אלע כחות צוריקצושלאגען די געמיינשאפטליכע אטאקע פון די קאנטראקטארס צוזאמען מיט דער שוירטמאכער יוניאן פון דער אמאלגאמייטעד אויף די ארבייטס־באדינגונגען פון די בעלי מלאכות און זייער יוניאן — לאקאל 91 פון דער אינטערנעשאנאל.

ווי מיר האבען פאראויסגעזאגט אין לעצטען נומער „גערעכטיגקייט“, איז לאקאל 91 געצוואונגען געווארען צו ערקלערען א גענעראל סטרייק אין בעטהראוב טרייד ווען דער אלטער אגרימענט מיט דער אסאסיאיישאן איז אויסגעגאנגען אנהויב היינטיגען מאנאט. דער צוויפעלהאפטער קרעדיט פאר דעם וואס די בעטהראוב באסעס האבען פלוצלונג געקראגען אזוי פיל מוט צו אנטזאגען זיך צו באנייען דעם אגרימענט מיט לאקאל 91 און ריזיקירען א גענעראל סטרייק, קומט דעם שוירט דעפארטמענט פון דער אמאלגאמייטעד. מאנאטען פריהער איידער דער אגרימענט צווישען לאקאל 91 און דער אסאסיאיישאן פון די בעטהראוב קאנטראקטארס איז אויסגעגאנגען, האבען פארטרעטער פון דער אמאלגאמייטעד זיך צוזאמענגעקומען מיט א מאכער פון דער אסאסיאיישאן און דורך אונטערקויפען די באסעס מיט קאנצעסיעס אויפ'ן חשבון פון די ארבייטס־באדינגונגען פון די בעלי מלאכות, גע'פועל'ט ביי זיי צו „דעליווערען“ די ארבייטער צו דער ארגאניזאציע, זיך ניט אנפרעגענדיג אדער באראטענדיג זיך מיט די ארבייטער אליין.

די פארביטערונג צווישען די בעטהראוב ארבייטער איבער דער שענדליכער אקציע פון א „שוועסטער יוניאן“, איז זיך גרינג פארצושטעלען. ווען דער סטרייק איז ערקלערט געווארען, האבען די ארבייטער ניט נאר באוואכט די שעפער אויף דער פיקעט־ליין, נאר האבען זיך ספאנטאן אויסגעלאזט אין א פיקעט דעמאנסטראציע ארום דזשענעראל אפיס פון דער אמאלגמייטעד אויף יוניאן סקווער אין פראטעסט געגען דעם פארראט פון די פירער פון שוירט דעפארטמענט. דעם 10טען אויגוסט איז צו די דעמאנסטראנטען ארום דער אמאלגאמייטעד אפיס צוגעשטאנען די גאנצע עקזעקוטיוו באארד פון לאקאל 91 מיט פלאקאטען און אויפשריפטען פאדערענדיג פון דער אמאלגאמייטעד אפצושטעלן די סטרייק־ברעכערישע טעטיגקייט פון אירע באאמטע געגען די בעטהראוב ארבייטער. (די איינצעלהייטען וועגען דעם גאנצען ענין וועלען די לעזער געפינען אין דעם אפענעם בריף פון וויס־פרעזידענט הערי גרינבערג צו פרעזידענט סידני הילמאן אויף אן אנדער פלאץ אין דעם נומער „גערעכטיגקייט“).

ווי מענעדזשער הערי גרינבערג גיט איבער, האבען שוין פיר באדייטענדע פירמעס זיך אפגעריסען פון דער אסאסיאיישאן און אונטערגעשריבען אינדיווידועלע אגרימענטס מיט לאקאל 91. די פיר פירמעס זיינען ב. קאהען און קאמפאני, וועלכע באשעפטיגען 120 ארבייטער; ב. בראון, וואו עס ארבייטען 60 בעל מלאכות; ראזענבערג און רובינאף, וועלכע האבען 35 ארבייטער, און בארסא ראוב מיט 25 ארבייטער. די אלע אנדערע שעפער ווערען שטרענג געפיקעט. די עקזעקוטיוו באארד פון לאקאל 91 האט באשלאסען צו צאלען אלע סטרייקער די געוויינליכע סטרייק בענעפיט.

לאקאל 91 פירט אן דעם קאמף געגען די בעטהראוב באסעס ניט נאר אויף דער פיקעט־ליין, נאר אויך דורך דער נעשאנאל לייבאר רילײשאנס באארד. אבער אויך ביי די פארהערען פאר דער לייבאר באארד האט די אמאלגאמייטעד גענומען א שטעלונג לטובת די באסעס וועלכע באקעמפען די יוניאן. אזוי איז דער געהילפס פרעזידענט פון דער אמאלגאמייטעד, פאטאפסקי, אויפגעטראטען ביים פארהער פון דער לייבאר באארד וועגען דער קלאגע וואס לאקאל 91 האט אריינגעבראכט געגען דער „וואן באאלען־העילברון“ פירמע, וועלכע האט ארויסגעווארפען אירע 300 ארבייטער אין ניו יארק און אריבערגעפירט דעם שאפ אין מעין. דעם דזשאב האט די פירמע געמאכט נאך ווען דער אגרימענט וואס זי האט געהאט מיט לאקאל 91 איז געווען אין קראפט. די יוניאן האט דער פירמע פארקלאגט פאר מאכען א לאקאוט און ברעכען דעם אגרימענט. ביים פארהער איז אבער אויפגעטראטען פאטאפסקי מיט א פארלאנג אז די באארד זאל ניט אויפנעמען די קלאגע פון לאקאל 91 ווייל זיין יוניאן פאדערט יוריסדיקציע אויף דעם שאפ.

דאס זעלבע איז געווען דער פאל מיט דער קלאגע, וואס די יוניאן האט געבראכט געגען דעם פירער פון דער בעטהראוב קאנטראקטארס אסאסיאיישאן, דזש. מ. וויס, פאר אנטזאגען זיך צו פארהאנדלען קאלעקטיוו מיט דער יוניאן וועלכע פארטרעט זיינע ארבייטער. אלס לאיער פאר דעם באס איז אויפגעטראטען דייוויד דרעקסלער, דער לאיער פון דער קלאדינג עקסטשענדזש, די אסאסיאיישאן פון מענער קליידער מאנופעקטשורערס וואס האבען אן אגרימענט מיט דער אמאלגאמייטעד. זיינע ארגומענטען זיינען געווען מער פאר דער אמאלגאמייטעד יוניאן ווי פאר דער פירמע. ער האט גע'טענה'ט, אז די פירמע אנטזאגט זיך צו פארהאנדלען מיט דער יוניאן פאר אן אגרימענט, ווייל עס איז דא א יוריסדיקציע־סכסוך מיט דער אמאלגאמייטעד. ווען מענעדזשער הערי גרינבערג פון לאקאל 91 האט דעם לאיער געפרעגט וועמען ער פארטרעט אין דער קעיס, האט ער געזאגט אז ער פארטרעט די פירמע וועלכע באלאנגט צו זיין אסאסיאיישאן. ער האט זיך אבער אנטזאגט צו ערקלערען ווי לאנג די פירמע איז אנגעשלאסען אן דער קלאדינג עקסטשענדזש. דער אמת איז, אז די פירמע האט קיינמאל ניט באלאנגט צו דער אסאסיאיישאן און האט זיך ווארשיינליך דארט איצט אנגעשלאסען אויפ'ן ראט פון די אמאלגאמייטעד פירער.

## ערפאלגרייכע ארגאניזאציאנס־ארבייט אין ניט־גודס טרייד

דער כסדר'דיגער, ענערגישער ארגאניזאציאנס קאמפיין וואס די ניט־גודס ארבייטער יוניאן לאקאל 155 פירט אן געגען די ניט־יוניאן שעפער אין ניו יארק, האט דעם מאנאט שוין געבראכט וויכטיגע רעזולטאטען. ווי לואיס נעלסאן, מענעדזשער פון לאקאל, מעלדעט, האבען דריי אפען שעפער אונטערגעשריבען אגרימענטס מיט דער יוניאן נאך א קורצען סטרייק. זעקס שעפער, וועמעס אגרימענטס עס זיינען אויסגעגאנגען אין יולי, האבען די אגרימענטס באנייט און זעקס אפען שאפס זיינען נאך אין סטרייק.

די דריי אפען שאפס, וואס האבען אונטערגעשריבען אגרימענטס, זיינען: די טאוער ניטינג מילס אין מאנהעטען; ראלף מאהר אין די בראנקס און די טריקאט ניטינג מילס אין ברוקלין. די ארבייטער אין די מילען האבען געוואונען קירצערע שטונדען און העכערע שכירות. עס זיינען אויך באזעצט געווארען אין די שעפער א צאל ארבייטסלאזע מיטגלידער.

די זעקס פירמעס, וואס האבען באנייט די אגרימענטס, זיינען: די אורא־באקער ניטינג מילס; פיראמיד טעקסטיל ספעשיעלטי; דיומאנט ניטינג מילס און לואיס הארניק און קאמפאני.

אין סטרייק זיינען נאך געבליבען די פאלגענדע זעקס ניט יוניאן שעפער: א. לעווין ניטינג מילס, פון 1086 סייפרעס עוועניו, ברוקלין; קאפלאן בראדערס, פון 9 וויקאף עוועניו; וויליאמס ניטינג מילס, פון 130 פאלמעטא סטריט; האי ניטינג מילס פון 62 סקענעקטעדי עוו.; אמקא ניטינג מילס (אויך באוואוסט אלס די „אלייעד“) פון 1610 סיינט מארקס עוועניו, און בושוויק מילס פון 44—138 בראדוויי, ברוקלין. דער לעצטער שאפ איז איינער פון די ערגסטע סוועט־שעפער אין טרייד אין גרייטער ניו יארק.

## פרייע עקס־רעי אונטערזוכונג פאר אלע ניט־גודס ארבייטער

די עקס־רעי אונטערזוכונגען, וואס די דרעס דזשאינט באארד האט איינגעארדענט פאר די מיטגלידער דורך דער ו. ש. א. און די שטאטישע געזונדהייטס אפטיילונג, און וועלכע פילע אנדערע אינטערנעשאנאל לאקאלס אין ניו יארק האבען אויך איינגעארדענט פאר זייערע מיטגלידער, איז אויך איינגעשטעלט געווארען פאר די מיטגלידער פון דער ניט־גודס ארבייטער יוניאן. אין אין היגזיכט איז אבער די ניט־גודס יוניאן געגאנגען א שריט ווייטער ווי די אנדערע לאקאלס. זיי גיבען די אונטערזוכונגען פריי, ניט בלויז פאר די מיטגלידער פון זייער יוניאן נאר אויך פאר אלע ארבייטער וואס זיינען באשעפטיגט אין ניט־גודס טרייד, אפילו די וואס באלאנגען ניט צו דער יוניאן.

די מיטגלידער אין די יוניאן־שעפער איז ארראנזשירט געווארען צו קומען אין שאפ־גרופען נעמען די עקס־רעי בילדער און די יוניאן ערווארטעט, אז אלע מיטגלידער זאלען זיך באנוצען מיט דער געלעגענהייט הונדערט פראצענט. פאר די ארבייטער וואס באלאנגען ניט צו דער יוניאן האט לאקאל 155 ארויסגעשיקט א ספעציעלען אפיל אין די שעפער צו באנוצען זיך מיט דער געלעגענהייט און פארהיטען זייער אייגענעם געזונד, דעם געזונד פון זייערע פאמיליעס און פון די אנדערע ארבייטער אין די שעפער מיט וועלכע זיי קומען אין שטענדיגער בארירונג. אין דעם אפיל ווייזט די יוניאן אן, אז די ארבייטער אין די ניט־יוניאן שעפער נויטיגען זיך אייגענטליך אין די אונטערזוכונגען מער ווי די ארגאניזירטע ניט־גודס מאכער ווייל זיי ארבייטען לענגערע שטונדען און אונטער ערגערע באדינגונגען וועלכע גראבען אונטער דעם געזונד פון די ארבייטער. ווי נעלסאן גיט איבער, איז דער אפרוף זייער א גוטער.

## פלאסטיק, באטאן און נאוועלטי ארבייטער אין גענעראל סטרייק

דינסטאג, דעם 22טען אויגוסט, זיינען די ארבייטער אין אלע פלאסטיק, באטאן און נאוועלטי שעפער ארונטער אין א גענעראל סטרייק.

דער אגרימענט אין טרייד איז אויסגעגאנגען דעם 20טען אויגוסט. די יוניאן האט געהאלטען קאנפערענצען מיט די בעלי בתים וועגען באנייען דעם אגרימענט פרידליך. די בעלי בתים זיינען אבער געבליבען איינגעשפארט און די יוניאן איז געצוואונגען געווען צו ערקלערען א סטרייק.

ווי מארטין פעלדמאן, מענעדזשער פון לאקאל, גיט איבער, זיינען די פאדערונגען פון דער יוניאן צום נייעם אגרימענט זייער מעסיגע. די ארבייטער אין דעם טרייד האבען נאך ביז איצט געארבייט פערציג שטונדען א וואך מיט א 14 דאלאר מינימום, וואס איז נידעריגער ווי די באדינגונגען וואס הערשען אין די אנדערע טריידס אונטער דער אינטערנעשאנאל יוריסדיקציע אין ניו יארק. די יוניאן האט דעריבער געפאדערט א 37½ שטונדען וואך און א מינימום פון 17 דאלאר. חוץ דעם האט די יוניאן פארלאנגט דאס רעכט צו אונטערזוכען די ביכער.

יזירען אלע וואס זיינען באשעפטיגט אין די שע-פער, איינגעשלאסען די שיק-איינגלאך, און אן אלגעמיינע העכערונג אויף די שכירות.

אין די פארהאנדלונגען האבען די בעלי בתים איינ-געשטימט צו די אנדערע פאדערונגען פון דער יוניאן. די האבען זיך אבער אנטזאגט צו פארקירצען די ארבייטס-צייט און העכערען די שכירות. די יוניאן איז דעריבער געצוואונגען געווען צו ערקלערען א גענעראל סטרייק.

דער סטרייק איז באשלאסען געווארן פון די אר-ביטער ביי א ספעציעלער פארזאמלונג, וואס די יוניאן האט גערופען דעם 15טען אויגוסט, דריי אזייגער בייטאג. די פארזאמלונג איז געווען א וואונדערבארע דעמאנסטרא-ציע פון דער אנטשלאסענהייט און איבערגעבענהייט פון די ארבייטער צו דער יוניאן. די ארבייט איז אפגעשטעלט געווארן אין אלע שעפער און 1,200 ארבייטער, יוניאן און ניט-יוניאן, האבען געמארשירט צו אורווינג פלאזא אין א דעמאנסטראציע. נאכדעם ווי דער מענעדזשער פון לאקאל, מארטין פעלדמאן, האט באריכטעט וועגען דער איינגעשפארטער שטעלונג פון די בעלי בתים געגען די יוניאן-פאדערונגען, האבען די ארבייטער געשטימט איינשטימיג צו געבען דער סטרייק-קאמיטע פולמאכט צו רופען א גענעראל סטרייק אין טרייד ווען זיי וועלען עס געפינען פאר נויטיג. דער מיטינג איז אויך אדרע-סירט געווארן פון פרענק קראסוועיט און לואיס נעל-סאן, מענעדזשער פון דער ניט-גודס ארבייטער יוניאן.

## עמברוידערי ארבייטער פארהאנד-לען וועגען נייעם אגרימענט

די עמבראידערי ארבייטער, פליטערס, טאקערס און סטיטשערס יוניאן לאקאל 66 זעצט פאר די פארהאנד-לונגען מיט דער אסאסיאיישאן וועגען באנייען דעם אגרי-מענט אין טרייד, וועלכער גייט אויס דעם 1טען סעפטעמ-בער. ווי זכריה פרידמאן, פרעזידענט-מענעדזשער פון לאקאל, גיט איבער, זייגען די אויסזיכטען גוטע אז דער אגרימענט וועט באנייט ווערען אן א קאמף.

אין א באריכט וועגען די פארהאנדלונגען מיט די בעלי בתים, וואס פרידמאן האט אפגעגעבען ביי א גוט-באזוכטען מעמבער מיטינג, האט ער אנגעוויזען, אז די יוניאן איז איצט אין אן אויסגעצייכענטען צושטאנד סיי פינאנציעל און סיי ארגאניזאציאנעל. די בעלי בתים ווייסען עס, און עס איז דעריבער זיכער, אז די יוניאן וועט איצט געקענט קריגען קאנצעסיעס אן איבעריגע שוועריגקייטען. אויב די פאדערונגען, וואס די יוניאן שטעלט ביי דער באנייאונג פון אגרימענט, זיינען אזוינע מעסיגע, איז עס ניט דערפאר ווייל די יוניאן פילט זיך ניט בכח צו קריגען מער, נאר ווייל די יוניאן גלויבט, אז די אינדוסטריעלע לאגע אין טרייד איז אזעלכע, אז עס לוינט זיך ניט פאר די ארבייטער אויפצוהויבען די ארבייטס-קאסטען אין דעם טרייד, וועלכע זיינען איצט אויך העכער ווי אין די אנדערע אקסעסארי טריידס וואס קאנקורירען אינדירעקט מיט דער ארבייט וואס ווערט געמאכט אין די שעפער אונטער'ן קאנטראל פון לאקאל 66. „עס איז ניט גענוג, — האט פרידמאן געזאגט די מיטגלידער, — צו קריגען קורצע שטונדען און הויכע שכירות אויפ'ן פאפיר. די ארבייטער זיינען פאראינ-טערעסירט צו האבען ארבייט און געהאלט. מיר מוזען דעריבער אין זינען האבען די אינדוסטריעלע באדינ-גונגען אין טרייד און זען אז די ארבייט זאל ניט אויס-רינען פון די שעפער".

דער גאנצער מיטינג און די אינטימע באציהונגען און פאלקסמענער צוטרוי וואס עס הערשט אין לאקאל 66 צווישען די פירער און די מיטגלידער, קען באמת דינען אלס ביישפיל וואס אנדערע יוניאנס האבען געמעגט נאכטאן. טראץ דער שרעקליכער היץ, וואס איז יענעם טאג געווען, זיינען צום מיטינג געקומען ארום 1,200 מיטגלידער. אין אודיטאריום פון סקול איז געווען אזוי ענג, אז פילע מיטגלידער האבען די גאנצע צייט געמוזט שטיין ארום די ווענט. דאך איז די האלטונג פון די מיטגלידער געווען א מוסטערהאפטע און זיי האבען אויס-געהערט די רעדנער און זיך באטייליגט אין דער דיס-קוסיע מיט ענטוזיאזם און אינטעליגענץ. מענעדזשער פרידמאן האט אין זיין איינלייטונג אנגעוויזען, אז ער האט אומיסטען גערופען דעם מיטינג ווען די פארהאנד-לונגען מיט די בעלי בתים גייען נאך אן, אום ניט צו שטעלען די מיטגלידער פאר א פארטיג אפגעטאנענער זאך, ווי דאס ווערט אפט געטאן. די יוניאן, האט ער געזאגט, וויל אז די מעמבערס זאלען וויסען גענוי די גאנצע לאגע און אליין באשליסען. אויב זיי וועלען באשליסען צו פאדערען העכערע שכירות אדער קירצערע שטונדען, וועט די פירערשאפט עס טאן. ער ראט זיי אבער איצט זיך צו באנוגענען מיט די פאדערונגען וואס די עקזעקוטיווע פון לאקאל האט אויסגעארבייט, צו פאר-שטארקען דעם קאנטראל אין טרייד, פארזיכערען אז די אסאסיאיישאן זאל זיין פאראנטווארטליך פאר די שכירות פון די ארבייטער אין די שעפער פון אירע מיטגלידער.

ער האט אויך אנגעוויזען אויף דער גרויסער צאל אפען שאפס אין טרייד, אויף וועלכע די יוניאן מוז זיך איצט קאנצענטרירען צו יוניאניזירען זיי אדער מאכען אונ-מעגליך פאר זיי צו ארבייטען. דער מיטינג האט די רעדע אויפגענומען מיט ווארימען בייפאל און האט איינ-שטימיג באשלאסען צו געבען פול-מאכט דער קאנפערענץ קאמיטע צו שליסען דעם אגרימענט אויף די באדינגונ-גען וואס זיי געפינען פאר מעגליך.

## לינדזשערי יוניאן לאק. 62 גרייט זיך פייערן 30טען געבורטסטאג

די אנדערוועאר און נעגליזשי ארבייטער יוניאן, לא-קאל 62 פון אונזער אינטערנעשאנאל, ווערט אין גיכען 30 יאר אלט. ביי דער געלעגענהייט, מעלדעט דער מענעדזשער פון לאקאל, ברודער סעמיועל שאר, וועט די יוניאן דורכפירען א פאסיגע פייערונג פון דעם יובי-לעאום מיט אן אויסערגעוויינליך רייכען קאנצערט אין קארנעגי האל און אויף אנדערע אופנים, ווי עס פאסט פאר אזא שמחה.

און די וויטגודס ארבייטער, ווי מען האט אמאל גערופען די מיטגלידער פון לאקאל 62, האבען באמת מיט וואס זיך צו פרייען ביי דער פייערונג פון זייער דרייסיג-יאריגען יובילי. אין 1909 ווען די פיאנערען פון דעם לאקאל האבען געקראגען דעם טשארטער פון דער אינטערנעשאנאל, האבען זיי געארבייט 60 שטונדען א וואך נארמאל. פיל לענגערע שטונדען זיינען אויך געווען א געוויינליכע זאך. ערשט אין פיר יאר שפע-טער, אין גענעראל סטרייק אונטער דער פירערשאפט פון שאר'ן, האבען די וויטגודס מאכער אויסגעקעמפט דעם ערשטען יוניאן אגרימענט מיט א 50-שטונדיגער ארבייטס-וואך. דער לאקאל איז דעמאלט געווען קליין אין צאל מיטגלידער און שוואך. היינט צו טאג איז לאקאל 62 דער דריטער לאקאל אין דער אינטערנעשא-נאל לויט דער צאל מיטגלידער וואס באלאנגט דארט. און די באדינגונגען פון די ארבייטער אין טרייד זיינען אזוינע, אז די פיאנערן האבען אפילו ניט גע'חלומ'ט דערפון.

זיך גרייטענדיג צו דער פייערונג, גייט דערווילע לאקאל 62 אן מיט איר געוויינליכער יוניאן טעטיגקייט. די וויק-ענד פון 12טען אויגוסט האט דער לאקאל גע-האט דעם אויספלוג אין יוניטי הויז, אין וועלכען עס האבען זיך באטייליגט א פאר הונדערט פון די אקטיווסטע מיטגלידער. די פארשטעלונג פון דער „באנדעל ברי-גאדע" האט ביי דער געלעגענהייט ארויסגערופען גרויס צופרידענהייט פון די מיטגלידער און געסט. איבער זעקס טויזענט מעמבערס פון לאקאל האבען שוין ביז איצט דורכגעמאכט די עקס-רעי אונטערזוכונג, וואס דער לאקאל האט איינגעארדענט פאר די מיטגלידער און, ווי שאר דערקלערט, זיינען די אראנזשמענטס אזוינע, אז יעדער איינציגער מיטגליד פון לאקאל וועט נעמען די עקס-רעי בילדער אום צו פארהיטען זייער געזונט.

## אין איסטערן אוט און טאון דעפארטמענט

דער ווינטער סעזאן ביי דרעסעס, שרייבט וויס-פרעזידענט הערי וואנדער, מענעדזשער פון איסטערן אוט און טאון דעפארטמענט, האט זיך שוין אנגעפאנגען. פילע אוט און טאון שעפער האבען שוין אנגעהויבען ארבייטען אויף די נייע ליינס. ווי געוויינליך אין אנפאנג פון א נייעם סעזאן קומען אריין א סך קאמפלעינטס וועגען די געסעטעלטע פרייזען. מאנכע ארבייטער באקלאגען זיך, אז די פרייזען זיינען געסעטעלט צו נידעריג, אנדערע — אז די נייע סטיילס זיינען אזוינע שווערע, אז מען קען ביי דעם ניט פארדינען. מיר ווילען פארזיכערען די מיט-גלידער, אז די פרייז-קאמיטעס און אדזשאסטערס זיינען זייער פארזיכטיג צו זען אז די ארבייטער זאלען קענען מאכען א לעבען ביי דער ארבייט. לאמיר האפען, אז ווען דער סעזאן וועט זיך איינשטעלען וועלען זיי פאר-דינען זיכער דעם מינימום און מער דערפון.

גלייכצייטיג ווארענט וויס פרעזידענט וואנדער, אז אין פאלען וואו די ארבייטער קענען ניט אויסמאכען דעם מינימום; אדער וואו די בעלי בתים לייגען צו עקסטרא ארבייט אויף געסעטעלטע סטיילס, זאלען די ארבייטער גלייך לאזען וויסען אין דער יוניאן. אויב ארבייט איז צוגעלעגט געווארען, זאלען זיי אנגעבען דעם סטייל-נומער פון דער דרעס און אנגעבען די עקסטרא ארבייט וואס איז צוגעגעבען געווארען אום דער פארטרעטער פון דער יוניאן זאל גלייך קענען האנדלען. ווען ניט, קען טרעפען אז די ארבייטער זאלען דורך זייער נאכלעסיגקייט פארלירען די עקסטרא געצאלט צו וועלכע זיי זיינען בא-רעכטיגט.

## שוועריקייטען אין טשילדרען דרעס שעפער

אן אנטשיידונג לעצטענס פון אימפארשעל טשער-מאן אין דער טשילדרענס דרעס אינדוסטריע, וועלכע האט אן אגרימענט מיט לאקאל 91, האט געשטעלט מאנכע שעפער פון דעם טרייד אוט און טאון אין אן אומבאקוועמער לאגע. די אנטשיידונג איז געווען, אז געוויסע דזשאבערס וואס האבען געגעבען ארבייט צו געוויסע שעפער אוט און טאון, מוזען זייער ארבייט געבען אין לאקאל 91 שעפער און אז וואו ארבייט ווערט געשיקט אין שעפער וואס זיינען ניט מער ווי 25 מייל פון ניו יארק מוזען אנהאלטען די זעלביגע סטאנדארדס ווי די וואס דער אגרימענט שרייבט פאר פאר ניו יארק.

אזוי ווי די אוט און טאון שעפער ארבייטען מער-סטענס פאר מער ווי איין דזשאבער, מאכט די אנטשיידונג נויטיג איינצופירען צוויי סארטען סטאנדארדס אין דעם זעלבען שאפ, לויט דעם דזשאבער פאר וועלכען די אר-בייט ווערט געמאכט. מיט דער הילף פון פרעזידענט דובינסקי און וויס-פרעזידענט הערי גרינבערג פון לא-קאל 91, איז עס געלונגען דעם אוט און טאון דעפארט-מענט צו געפינען א לייזונג, אזוי אז די שעפער זאלען קענען קריגען ארבייט און די ארבייטער זאלען קריגען די געהעריגע באדינגונגען. די אראנזשמענטס זיינען צייטווייליגע ביז דער אגרימענט אין טשילדרען דרעס טרייד אין ניו יארק וועט אויסגיין. ביי די פארהאנד-לונגען פאר א נייעם אגרימענט וועט מען זען איינגע-שטעלען א געהעריגע באציהונג צווישען די דזשאבערס און קאנטראקטארס אין דעם טרייד.

## די ארגאניזאציאנס ארבייט באנייט

די ארגאניזאציאנס ארבייט וואס דער אוט און טאון דעפארטמענט פירט אן אין ניו דזשוירזי און אפ טאון ניו יארק, איז באנייט געווארען און ברענגט גוטע רעזול-טאטען. די קארסעט ארבייטער אין ניו דזשוירזי רופען זיך אפ אויף דער טעטיגקייט פון אונזערע ארגאנייזערס וועלכע זיינען מיט זיי אין טעגליכער בארירונג. ציר-קולירען ווערען פארטיילט טעגליך ארום די שעפער. לויט דעם באריכט פון די ארגאנייזערס, מעג מען ער-ווארטען דעם סעזאן גוטע רעזולטאטען און אויך די גרעסטע ערגסטען עקספלואטירטע ארבייטער אין דעם געגענד וועלען קריגען דעם שוץ פון דער יוניאן.

אין ניובורג און אומגעגענד גייט איצט אן א שטאר-קער ארגאניזאציאנס קאמפיין צווישען די ארבייטער אין אונטערוועש טרייד, וואו עס איז איצט געווארען ביזי. דער דעפארטמענט האט אהין אריינגעשיקט דעם ארגא-נייזער לואיס הארענס ארויסצוהעלפען די ארגאנייזערס אייב בעלסקי און אנא קולא וועלכע פירען דארט אן די ארבייט.

אלס רעזולטאט פון דעם פארשטארקטען קאמפיין איז געלונגען צו יוניאניזירען אין ניובורג צוויי הויז שעפער, פארקירצענדיג דארט די ארבייטס-צייט פון 40 אויף 35 שטונדען און העכערענדיג די שכירות פון די ארבייטער מיט פון דריי ביז פינף דאלאר אויפ'ן יעדען.

# אין קאטען גארמענט טרייד דעפארטמענט

פענסילווייניע שיינט צו האבען א באזונדערע צוציהונגס קראפט פאר באסעס וואס זוכען צו אנטלויפען פון דער יוניאן. דערפאר טאקע עפענען זיך דארטען אלע מאל נייע שעפער. אין גוטע סעזאנען ווי אין שלעכטע, עס געפינען זיך אלע מאל באסעס וואס דענקען אז אין פענסילווייניע וועלען זיי קענען טאן וואס זייער הארץ גלוסט.

אפשר איז עס געוועזען אמת אמאל. היינט אבער איז פאראן א קאטען גארמענט טרייד דעפארטמענט אין דער אינטערנעשאנאל אונטער דער ענערגישער פירערשאפט פון וויס־פרעזידענט עלייעס רייזבערג. די ארגאניזערס פון דעם דעפארטמענט זוכען אויס די אלע נייע שעפער און אין א קורצער צייט באגעגענען זיך די בעלי בתים ווידער מיט דער זעלביגער יוניאן אין דעם נייעם פלאץ.

אזוי באריכטעט רייזבערג, אז דורך די לעצטע פאר וואכען האט זיין דעפארטמענט אפגעסיינט נייע פיר שעפער אין דער טעריטאריע. די שעפער זיינען די „גילמאן דרעס" פון מאונט כרמל; „אלען דרעס" אין קולפמאנט; „דזשודי דרעס" אין סלעיטינגטאן און די „פראקוויל מאנופעקטשורינג קאמפאני" אין פראקוויל.

די גילמאן דרעס ארבייט אויף הויז דרעסעס. דורך דעם אגרימענט האבען די ארבייטער געקראגען א 40־שטונדען וואך, א מינימום געהאלט פון 35 סענט א שטונדע און די אנדערע יוניאן באדינגונגען. די אלען דרעס מאכט רעיאן דרעסעס. זי האט זיך אנגעשלאסען אן דער פאפולאר פרייז אסאסיאיישאן און אונטערגעשריבען דעם רעגולערען דרעס אגרימענט מיט 35 שטונדען א וואך און יוניאן מינימומס. פון די אנדערע צוויי, איז די דזשודי דרעס א קאנטראקטאר שאפ פאר א ניו יארקער דזשאבער און האט זיך אנגעשלאסען אן דער יונייטעד אסאסיאיישאן און די פראקוויל פירמע איז אויך א קאנטראקטאר אויף רעיאן דרעסעס און האט זיך אנגעשלאסען אן דער דרעס קאנטראקטארס אסאסיאיישאן.

## ארבייטער פון דער „איסטערן אייל קא." קריגען א טשארטער אלס לאקאל

די ארבייטער פון דער איסטערן אייל קארפאריישאן, די אונטערוועש פירמע וואס איז ניט לאנג צוריק ארגאניזירט געווארען אין קלינטאן, מאסאטשוזעטס, האבען געקראגען פון דער אינטערנעשאנאל א טשארטער אלס לאקאל 360.

די טשארטער מיטגלידער פון לאקאל זיינען מארגארעט מעקנאמארא, פעגי סטיווס, גרעיס אלעסאנדריני, עדנא ווארספאל, קלעיר באיסאניאן, אנא קאסקי, הילדא סילווא, דעלא וויא, מעימי מאנטעירא, מערי סקענלאן, גלאדיס מעקגיניס, גערטרוד נעסטעל, סילוויא בעיקער, קעטהרין סאפעט, אינא גווינארד, אוירל ראסעל, טשעס. ג. לאמבליין און מארגארעט קיטערידזש.

## ציינינער באס קען שוין מער ניט לויפען

פאראן א באס, מר. דזשאזעף גאלדסטיין פון דער פירמע „גאלדסטיין און לעווין". האט דער באס געבאך א ציגיינערשען וואנדערלוסט. אזוי שנעל ווי זיינע ארבייטער ארגאניזירען זיך, הויבט ער זיך אויף מיט זיינע פעקעלאך און וואנדערט אוועק וואו די אויגען טראגען אים.

מיט עטליכע יאר צוריק איז דער באס אנטלאפען פון פילאדעלפיע. דאס מופען האט אים ווארשיינליך געקאסט שווערע עטליכע דאלאר אין פארלארענע צייט און אנדערע אויסגאבען. ער האט אבער אפנים גערעכענט, ווען ער האט זיך אריינגעקליבען אין דזשאהנסטאון, פענסילווייניע, אז עס איז אלץ ווערט געווען אבי פטור געווארען פון דער יוניאן. די יוניאן האט אים אבער געפונען אויך אין דעם נייעם פלאץ און אזוי ווי קיין האניג האבען די ארבייטער ביי אים ניט געלעקט, האבען זיי זיך אנגעהויבען אנשליסען אן דער יוניאן.

מר. גאלדסטיין האט עס ניט געקענט פארדייען. אין די ערשטע וואך אויף וואס ער האט זיך דערטראכט געטאן — ארויסצואווארפען די ארבייטער וואס האבען זיך אנגעשלאסען אן דער יוניאן און פטור אן עסק. האט ער טאקע געכאפט און אנטזאגט אכט ארבייטער.

היינט איז אבער אנדערע צייטען. פאראן א געזעץ, אז מען טאר ניט אפזאגען ארבייטער פאר יוניאן טעטיגקייט. האט די יוניאן פארקלאגט דעם באס פאר דער לייבאר־באארד און עס זיינען פאראן אלע אויסזיכטען אז ער וועט די אנטזאגטע ארבייטער מוזען צוריקנעמען און זיי צאלען שכירות פאר דער גאנצער צייט וואס זיי שטייען אויסער ארבייט.

## העלפען קאמפיין אין סקווירט טרייד אין באסטאן

די איסטערן מאסאטשוזעטס אפטיילונג פון קאטען גארמענט טרייד דעפארטמענט העלפט איצט אין דעם קאמפיין, וואס די באסטאן דזשאינט באארד פירט אן אין סקווירט טרייד. אלס רעזולטאט פון דעם קאמפיין איז די „ווינדזאר ספארטסוועאר קאמפאני" שוין געצוואונגען געווארען אונטערצושרייבען אן אגרימענט מיט דער יוניאן, נאך א סטרייק פון פינף טעג. דער קאמפיין איז איצט אין פולען שוואונג און עס ווערט ערווארטעט אז יעדע סקווירט און ספארטסוועאר שאפ אין באסטאן זאל אין גיכען געשטעלט ווערען אונטער יוניאן קאנטראל.

## קלאוקמאכער אין מאנטרעאל האלטען אן זייער העכערונג

די העכערונג פון צען פראצענט אויף די שכירות, וואס די מאנטרעאלער קלאוקמאכער האבען געקראגען דורך די לעצטע צוויי יאר, פארבלייבען פאר די נעקסטע זעקס מאנאטען, לויט אן אנטשיידונג פון דעם ארביטרייטאר. דאס הייסט אז ביז סוף יאר פארבלייבען די שכירות ווי געוועזען.

ווי מיר האבען שוין געמאלדען, האבען די קלאוק בעלי בתים אין מאנטרעאל געפאדערט א פארקלענערונג פון די ווידזשעס און די יוניאן האט אויף דעם געענטפערט מיט א פארלאנג פאר העכערע שכירות. (לויט דעם אגרימענט האבען ביידע צדדים געהאט א רעכט צו פאדערען ענדערונגען דעם זומער.) די בעלי בתים האבען פארלאנגט, אז די ארבייטער זאלען צוריקגעבען די צען פראצענט, וואס זיי האבען געקראגען. די פראגע איז איבערגעגעבען געווארען צו א פארמיטלער און זיין אנטשיידונג איז, אז ביז יאנואר בלייבען די שכירות ווי געוועזען. פאר'ן צווייטען יאר דארפען די ארבייטער ארונטערלאזען פינף פראצענט.

בערנארד שיין, מענעדזשער פון דער מאנטרעאל דזשאינט באארד, האט ערקלערט, אז די יוניאן איז פאלקאם צופרידען מיט דער אנטשיידונג. דאס יאר זיינען די שכירות געזיכערט. אנהויב נעקסטען יאר דארף מען צוטרעטען פארהאנדלען מיט די בעלי בתים וועגען א נייעם אגרימענט. וואס דאן וועט זיין, וועט מען דעמאלט זען.

## אטאקעס אויף דער יוניאן און באאמטע ברעכען צוזאמען

די געהיימע פארזוכען פון די דרעס מאנופעקטשורערס צו שטערען די יוניאן־טעטיגקייט און איר מאכט דורך געריכט פראצעסען געגען די וויכטיגסטע פירער פון דער יוניאן, זיינען דורכגעפאלען. די קלאגע פאר אנגריף געגען סעמיועל קרייזמאן און פיליפע דיעקארי אלס רעזולטאט פון דעם סטרייק געגען דער איידיעל דרעס קא., וואס ציט זיך שוין אכט מאנאטען, זיינען ארויסגעווארפען געווארען פון געריכט. דזשאדזש גוסטאוו פאראולט האט זיי ערקלערט ניט שולדיג און געגעבען אנצוהערעניש אז ער גלויבט אז עס איז געמאכט געווארען א פארזוך צו פאר'משפט'ן זיי דורך פאלשע עדות.

די קלאגען געגען מענעדזשער בערנארד שיין, פאר פארלעצען דעם אנטי יוניאן געזעץ פון קוויבעק, איז ווידער אפגעלעגט געווארען ביז אין מיטען סעפטעמבער. אזוי ווי די אטאקע איז געריכטעט ניט בלויז געגען אונזער יוניאן נאר געגען אלע אינטערנעשאנאל יוניאנס איז די גאנצע ארבייטער באוועגונג פאראינטערעסירט אין דעם טרייעל. דער בעסטער ענטפער אויף די אטאקעס וואס די יוניאן גיט די בעלי בתים, איז דאס פארשטארקען פון איר ארגאניזאציאנס טעטיגקייט.

# אינטערנעשאנאל געווינט אפשטימונג אין אלפענא גארמענט קא.

אין דער אפשטימונג וואס די נעשאנאל לייבאר רילעישאנס באארד האט דורכגעפירט אויפ'ן פארלאנג פון דער יוניאן צווישען די טויזענד ארבייטער וואס ווערען באשעפטיגט אין די פאבריקען פון דער „אלפענא גארמענט קא." אין מישיגען, האט די יוניאן געוואונען מיט אן אנטשיידענער מאיאריטעט און די קאמפאני איז איצט געצוואונגען צו אנערקענען אונזער אינטערנעשאנאל אלס די איינציגע פארטרעטערין פון די ארבייטער אירע פאר קאלעקטיווע פארהאנדלונגען.

די אפשטימונג איז געהאלטען געווארען אין דער לעצטער וואך פון יולי און ווי אב. פלאטקין, דזשענעראל ארגאנייזער, באריכטעט צו פרעזידענט דובינסקי, האבען אין דער אפשטימונג זיך באטייליגט 811 ארבייטער. פון זיי האבען 489 געשטימט פאר דער יוניאן און 332 האבען געשטימט געגען.

דער זיג פון דער יוניאן אין דער אפשטימונג איז פון אויסערגעווייגליכער וויכטיגקייט. ערשטענס, איז די פירמע איינע פון די גרעסטע אין דעם קאטען גארמענט טרייד און זייער אנגעזען אין די אסאסיאיישאן פון קאטען גארמענט מאנופעקטשורערס. די פירמע באשעפטיגט דורכשניטליך איבער א טויזענט ארבייטער. אין די סעזאן צייטען באשעפטיגט זי ביז פופצען הונדערט ארבייטער. די שעפער געפינען זיך אין גארטהערן מישיגען, וואו עס איז באזונדערס שווער פאר א יוניאן צוצוקומען. דער געגענד, וועלכער האט אמאל געהאט א סך לאמבער און מיינינג־קעמפס, האט היינט כמעט ניט קיין אינדוסטריע, פון וועלכער די באפעלקערונג זאל זיך קענען ערנערען. א פאבריק וואס באשעפטיגט פון טויזענט ביז פופצען הונדערט ארבייטער ווערט דארט באטראכט ווי דער גרעסטער גליק, ווי ווייניג מ'זאל ניט צאלען. ווען טראץ די אלע אומגינסטיגע באדינגונגען איז דאך דער אינטערנעשאנאל געלונגען דורכצוברעכען דאס אייז און אריבערגעווינען א מאיאריטעט ארבייטער אין דער יוניאן, איז עס זיכער א גרויסער אויפטו.

די ארגאניזאציאנס ארבייט איז געווען זייער א שווערע. צום גליק פון די ארבייטער, האבען די בעלי בתים אליין, צוליב זייער קליינליכקייט, געעפענט די ארבייטער די אויגען. ווען דער שטונדען־שכירות געזעץ איז אריין אין קראפט און די באסעס האבען געמוזט אנהויבען צאלען א מינימום פון 25 סענט א שטונדע, האט די פירמע אנטזאגט פון דער ארבייט עטליכע עלטערע פרויען, וואס האבען פאר דער פירמע געשקלאפט יארען לאנג, אויס מורא אז זיי וועלען ניט קענען פראדוצירען גענוג פאר די עלף דאלאר א וואך, וואס די פירמע מוז זיי צאלען לויט'ן געזעץ.

אט די אכזריות'דיגע האנדלונג פון די בעלי בתים האט אזוי אויפגערעגט די ארבייטער אז זיי האבען געווארפען די ארבייט און ערקלערט א סטאפעדזש. דזשענעראל ארגאנייזער פלאטקין פון דער אינטערנעשאנאל און זיינע געהילפען וועלכע האבען נאך פריער אנגעפירט א שטילען קאמפיין צווישען די ארבייטער פון דער פירמע, האבען אויסגענוצט די געלעגענהייט און ארגאניזירט די ארבייטער צום ווידערשטאנד געגען דער פירמע. די באסעס האבען פארשפראכען צוריקצונעמען די אנטזאגטע ארבייטער און דער סטאפעדזש איז צוריקגערופען געווארען. די ארבייטער האבען שוין אבער זייער לעקציע געלערנט און האבען זיך מאסען־ווייז אנגעשלאסען אן דער יוניאן.

די אינטערנעשאנאל האט דאן פארקלאגט דער פירמע פאר דער לעיבאר רילעישאנס באארד. ביים פארהער, וואס די באארד האט אפגעהאלטען, האט די פירמע געזוכט מיט אלע מיטלען צו באווייזען, אז די יוניאן האט ניט קיין מאיאריטעט. די לייבאר באארד האט דאן געאָרדערט אן אפשטימונג פון די ארבייטער, און דער רעזולטאט איז געווען אז א מאיאריטעט פון די וואס האבען זיך באטייליגט אין דער אפשטימונג האבען געשטימט פאר דער אינטערנעשאנאל.

# אַלגעמיינער סטאָפּעדזש אין דרעס טרייד אין שיקאַגאָ

וויס פּרעזידענט מאָריס ביאַליס מעלדעט, אַז ביים איינשטעלען דעם נייעם סיסטעם פאַר סעטלען פּרייזען אין דרעס טרייד, איז עס געקומען צו אַן אַלגעמיינעם סטאָפּעדזש, וועלכער האָט אין מערסטע שעפּער אָנגעהאַלטען בלויז עטליכע שטונדען, אָבער אין מאַנכע שעפּער האָט עס געדויערט ארום פיר טעג.

די ענדערונג אין דעם סיסטעם פון סעטלען פּרייזען איז באַשטימט געוואָרען ביים באַנייען דעם אַגרימענט. די בעלי בתים האָבען דעמאָלט געפאָדערט אָנצוהאַלטען די אַלטע סיסטעם פון סעטלען פּרייזען איידער מען נעמט זיי מאַכען. די יוניאָן האָט געוואָלט, אַז מען זאָל ערלויבען די אַרבייטער צו אַרבייטען אויף די נייע סטיילס איין וואָך און דאַן זאָל מען סעטלען די פּרייזען. געאייניגט האָט מען זיך אויף אַ קאָמפּראָמיס אויסצופּראָבירען ביידע סיסטעמען פאַר זעקס מאָנאַטען צייט און דאַן, אויב מען וועט זיך ניט קענען איינינגען, זאָל מען זיך אין דער פראַגע פאַרלאָזען אויף אַרביטריישאָן. לויט דעם אָפּמאַך, האָט מען די ערשטע דריי מאָנאַטען געדאַרפט סעטלען לויט דעם נייעם סיסטעם, וואָס די יוניאָן האָט געפאָדערט. די נעקסטע דריי מאָנאַטען האָט מען געדאַרפט סעטלען לויט דער אַלטער סיסטעם איידער די דרעסעס ווערען געמאַכט. דער סיסטעם האָט געדאַרפט אַריינגיין אין קראַפט דעם 17טען יולי.

כאָטש די בעלי בתים האָבען די גאַנצע צייט געוואוסט, אַז דעם טאָג דאַרף די נייע סיסטעם פון סעטלען פּרייזען אָנגעהויבען ווערען, האָבען זיי אָבער זיך געמאַכט ניט וויסענדיג און ניט געסעטעלט פּרייזען אין פאָראויס. די דזשאָינט באָארד האָט דאַן אַרויסגעגעבען אַ באַפעל צו די שאָפּ-טשערלייט ביי אַ ספּעציעלער פאַרזאַמלונג, וואָס זי האָט גערופען, ניט צו אַרבייטען אויף ניט געסעטעלטע גאַרמענטס. אין שעפּער וואו קיין געסעטעלטע סטיילס זיינען נישטאָ, זיינען די אַרבייטער געאָרדערט געוואָרען צו פאַרבלייבען אין די שעפּער און וואַרטען ביז מען וועט סעטלען פּרייזען.

אַן אַנצאָל בעלי בתים — שרייבט ביאַליס — זיינען געווען שטאַרק ברוגז וואָס די יוניאָן האָט זיי פּלוצלונג אָפּגעשטעלט די אַרבייט. אָבער נאָך אַ קאָנפערענץ מיט דער אַסאָסיאיישאָן איז אַלעס איינגעאָרדענט געוואָרען און דער נייער סיסטעם איז איינגעפירט.

## שיקאַגאָ'ר מיטגלידער אַרבייטען דעם 9טען סעפּטעמבער פאַר די נאַצי קרבנות

אַ שטיקעל צייט צוריק האָט די שיקאַגאָ דזשאָינט באָארד רעקאָמענדירט צו די לאָקאַלס, אַז די מיטגלידער זאָלען אַרבייטען אַ האַלבען טאָג שבת, אַלס ביישטייערונג פאַר דעם נאָן-סעקטעריאַן פאָנד פאַר די נאַצי-קרבנות. אַלע לאָקאַלס האָבען גוטגעהייסען די רעקאָמענדאַציע, אָבער אַזוי ווי עס איז געווען סלעק אין טרייד, האָט מען געמוזט אָפּוואַרטען ביז עס וועט ווערען גענוג אַרבייט.

איצט האָט די דזשאָינט באָארד באַשלאָסען, אַז דער שבת וואָס זאָל ערלויבט ווערען צו אַרבייטען זאָל זיין דעם 9טען סעפּטעמבער. עס זאָל ערלויבט ווערען די מיטגלידער צו אַרבייטען דעם גאַנצען טאָג, פון וועלכען זיי וועלען אַ האַלבען טאָג שכירות ביישטייערען צום פאָנד. דער טאָג איז אויסגעקליבען געוואָרען ווייל דאָס פאַלט אויס פאַר די אידישע ימים טובים, ווען פּראַקטיש אַלע שעפּער וועלען זיין געשלאָסען צוויי טעג. דורך דעם באַשלוס וועלען די מיטגלידער האָבען אַ געלעגענהייט אָפּצומאַכען אַ ביסעל פאַר זייער צייט-פאַרלוסט און זיי וועלען אויך ביישטייערען זייער חלק פאַר דעם נאָבעלען צוועק. די יוניאָן איז זיכער, אַז פּראַקטיש אַלע מיטגלידער וועלען אַרבייטען און ביישטייערען זייער חלק.

# דרעס אַגרימענט אין לאָס אַנדזשעלעס באַנייט; 15 קלאָוק קאָנטראַקטינג שעפּער אָרגאַניזירט

י. לוצקי, מענעדזשער פון דער לאָס אַנדזשעלעס דזשאָינט באָארד, מעלדעט, אַז דער אַגרימענט מיט די דרעס מאַנופעקטשורערס, וואָס איז אויסגעגאַנגען דעם 1טען יולי, איז באַנייט געוואָרען מיט מאַנכע פאַרבעסערונגען.

פאַר אַ צייט האָט עס אויסגעזען, אַז עס וועט מוזען קומען צו אַ סטרייק אין טרייד איבער דעם וואָס די מאַנופעקטשורערס האָבען געפאָדערט אַ שניט אין די שכירות. זיי זיינען אָבער ווייכער געוואָרען און אונטערגעשריבען דעם אַגרימענט אויף די זעלביגע סקעילס.

גלייכצייטיג האָט די דזשאָינט באָארד יוניאָניזירט 15 קלאָוק קאָנטראַקטאָר שאַפּס, נאָך אַ סטרייק, וואָס האָט געדויערט איין וואָך. דער אַגרימענט האָט די אַרבייטער געגעבען די 35 שטונדען אַרבייטס-וואָך; אַ העכערונג אין די שכירות אויף ארום צוואַנציג פּראָצענט אין דורכשניט, און אַ קלאָוק יוניאָן שאָפּ. ארום 300 אַרבייטער ווערען באַשעפטיגט אין די שעפּער. זיי האָבען פריהער געאַרבייט ביז 16 שטונדען אַ וואָך פאַר קלעגליכען געהאַלט.

# דרייווערס יוניאָן לאָק. 102 געווינט סטרייק נעגען פּעקעדזש קאָ.

די קלאָוק און דרעס דרייווערס יוניאָן לאָקאַל 102 האָט, נאָך אַ קורצען סטרייק, זיך געאייניגט מיט די באַלעבאַטים פון צוויי פּעקעדזש קאָמפּאַניס אויף באַדינגונגען פאַר אַ צוויי-יאָריגען אַגרימענט מיט באַדייטענדע פאַרבעסערונגען פאַר די אַרבייטער.

דער אַלטער אַגרימענט מיט די פירמעס איז אויסגעגאַנגען דעם 30טען יוני. די אַרבייטער זיינען אַרונטער אין סטרייק און פאַרטרעטער פון דער יוניאָן און די צוויי פירמעס, די „יו. עס. פּעקעדזש און שיפּינג קאָ." און די „נעשאָנאַל פּעקעדזש און שיפּינג קאָ." האָבען קאָנפערירט פאַר פיר און צוואַנציג שעה אָן אונטערברעכונג ביז מען האָט זיך געאייניגט אויף די וויכטיגסטע פאָדערונגען פון דער יוניאָן. דער סטרייק איז דאַן צוריקגערופען געוואָרען און די אַרבייטער זיינען צוריקגעשיקט געוואָרען צו דער אַרבייט.

ווי סאול מעץ, מענעדזשער פון דער דרייווערס יוניאָן לאָקאַל 102, ערקלערט, האָט די יוניאָן געוואונען פאַר די אַרבייטער פאָלגענדע וויכטיגע פאַרבעסערונגען: די אַרבייטס שטונדען ווערען גלייך פאַרקירצט פון 47 אויף 44 שעה אַ וואָך און די שכירות בלייבען די זעלבע ווי ביז איצט פאַר 47 שטונדען; פון דעם 21טען אָקטאָבער 1939 וועט די אַרבייטס-צייט ווידער פאַרקירצט ווערען מיט צוויי שטונדען, צו 42 שטונדען אַ וואָך. דאָס וועט אָנהאַלטען פאַר איין יאָר צייט, ביז אָקטאָבער 1940. דאַן וועט די אַרבייטס-צייט ווידער פאַרקירצט ווערען מיט צוויי שטונדען, צו 40 שטונדען אַ וואָך. דאָס הייסט, אַז אין די קומענדע 15 מאָנאַט וועט די אַרבייטס-צייט פון די דרייווערס פאַרקירצט ווערען מיט זיבען שטונדען אַ וואָך און זיי וועלען קריגען די זעלבע שכירות.

פאַר די מיידלאַך, וואָס אַרבייטען בלויז 40 שטונדען אַ וואָך אין די פּעקעדזש הייזער, האָט די יוניאָן געוואונען אַ צוויי דאָלאַרדיגען רעיז. זייער איצטיגער סקייל איז $20.40, און זיי וועלען גלייך קריגען $22.40, לויט דעם אַגרימענט. נעקסטען אויגוסט וועלען זיי ווייטער קריגען אַ רעיז ביז $24.40.

קלאַס „בי" מעמבערס (די וועלכע אַרבייטען אַ מינימום פון 27 שטונדען אַ וואָך אין דער סלעק צייט און 36 שטונדען אין אַנדערע צייטען) וועלען קריגען אַ צען פּראָצענט העכערונג.

# דאַנק רעזאָלוציעס

מיר, די אַרבייטער פון נאָרמאַן ספּאָרט, 239 וועסט 39טע סטריט, דריקען אויס אַ דאַנק צו אונזער שאָפּ-טשערמאַן, ברודער הערי ווינטער, לאָקאַל 22, פאַר זיין געטרייער אַרבייט וואָס ער האָט געטאָן פאַר אונזער שאָפּ פאַר די לעצטע פינף יאָר, און אויך פאַר דער אינטערנעשאָנאַל, אַלס אַ טעטיגער מיטגליד.

ביי אַ פּאַרטי מיט געדעקטע טישען האָבען מיר זיך פיין אַמוזירט, און מיר האָבען פּרעזענטירט אונזער שאָפּ-טשערמאַן מיט אַ גאָלדענעם „ריסט-וואָטש", און מיר ווינשען אים ער זאָל עס טראָגען געזונטערהייט און אָנגיין מיט זיין גוטער אַרבייט ווייטער.

אויך האָבען מיר פּרעזענטירט אונזער ביזנעס-אַגענט, ברודער שאַכטער, מיט אַ פיינעם פּרעזענט פאַר זיין גוטער אַרבייט.

סעם בראַון — לאָקאַל 22
בעני רייך — לאָקאַל 22
איזידאָר שיפּסיטס — לאָקאַל 22
איזידאָר שפּרידער — לאָקאַל 22
די קאָמיטע.

---

די אַרבייטער פון „נעלדאַ קאָוטס", 534 אַכטע עוו. האָבען איינשטימיג ווידער ערוויילט ברודער איזידאָר קאָופמאַן אַלס טשערמאַן פון שאָפּ און דריקען אים אויס פולע אָנערקענונג פאַר זיין גוטע, אומדערמידליכע אַרבייט פאַר די אינטערעסען פון די אַרבייטער דורך די לעצטע דריי יאָר. דורך דער צייט איז אונזער שאָפּ געוואָרען אַ מוסטער פון אַ גוטען יוניאָן שאָפּ.

אַ דאַנק ווערט אויך אויסגעדריקט דעם ביזנעס אַגענט ברודער שניידער פאַר דער אויפמערקזאַמקייט, וואָס ער גיט דעם שאָפּ און זיין פּינקטליכקייט.

די קאָמיטע: מ. שוואַרץ, און ל. קאַפּלאַן, לאָק. 117; דזש. גערבער און מ. ברוקס, לאָק. 9; ל. וויס, לאָק. 35; מעקס קרייזמאַן, לאָק. 10 און קאָווליאַ ווינטשעסאַ, לאָק. 48.

---

מיר, די אַרבייטער פון „דעלמאָנטע און היקעס", 205 וועסט 39טע סטריט, האָבען באַשלאָסען צו באַדאַנקען אונזער שאָפּ-טשערמאַן, ברודער ג. מאַרקאָוויטץ, פאַר זיין טרייער, ענערגישער און איבערגעגעבענער אַרבייט פאַר דעם וואָהל און בעסטען פון אונזער שאָפּ דורך דעם לעצטען יאָר און אים אויך פּרעזענטירען מיט אַ ווערטפולען פּרעזענט. מיר ווינשען אים אַז ער זאָל ווייטער פאָרזעצען זיין גוטע אַרבייט. מיר האָבען אויך פּרעזענטירט די קאָמיטע יעדען איינעם מיט אַ מתנה.

מיר דאַנקען אויך ברודער נייטען הייגס, אונזער ביזנעס אַגענט, פאַר זיין הילף צו יעדער צייט ווען מיר האָבען זיך נאָר געניטיגט אין דעם. און אַלס אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט האָבען מיר אים אויך אַ קליינעם פּרעזענט געגעבען און מיר האָפען אַז אין דער צוקונפט וועט ער טאָן דאָס זעלבע.

די קאָמיטע: סעם ראַבינאָוויטץ און א. קאַלב, לאָקאַל 117; מאַקס גראָס, מ. קושנער און איידאַ ווייסמאַן, לאָקאַל 9; ג. לעגוא, לאָקאַל 48; י. מאָרקאָוויטץ, לאָקאַל 35.

---

די אַרבייטער פון „בראָדערס דזשייקאָבסאָן און לינדי", 512 זיבעטע עוו., באַדאַנקען זייער טשערמאַן ברודער, משה העוועל פאַר זיין איבערגעגעבענע אַרבייט און זיין אויף דער וואַך פאַר די אינטערעסען פון די אַרבייטער, און פּרעזענטירען אים מיט אַ ווערטפולער מתנה.

די אַרבייטער פון שאָפּ האָבען אויך פּרעזענטירט מיט אַ ווערטפולען פּרעזענט דעם סעקרעטאָר פון זייער קראַנקען קאַסע, ברודער לואיס האַרץ, פון לאָקאַל 117 און באַשלאָסען אויסצודריקען אַ דאַנק צום ביזנעס אַגענט נייטען קאַפּלאַן פון לאָקאַל 9; דעם אַסיסטענט מענעדזשער ברעדשניידער, פון לאָקאַל 9 און דעם מענעדזשער פון אינדוסטריעלען קאָונסיל דעפּאַרטמענט מאָריס פיינבערג, פון לאָקאַל 117 פאַר אינטערעסירען זיך מיט די באַדינגונגען אין שאָפּ און העלפען שליכטען די צווייסטיגקייטען צו גונסטען די אַרבייטער.

די קאָמיטע: לואיס בעסטערמאַן און איטשקע קאַספּער, לאָקאַל 117; אַהרן בלאָט, הערי האַליק, לילי קאָהן, סעם האָפּענהאַסער און ווילי גאָסט, פון לאָקאַל ; לואיס רובין און מאַנדעל פּרימער, לאָקאַל 35.

# אן אפענער בריוו צו פרעזידענט הילמאן פון דער אמאלגאמייטעד

פון הענרי גרינבערג,
מענעדזשער לאקאל 91, א. ל. ג. וו. י.

סידני הילמאן, פרעזידענט אמאלגאמייטעד קלאדינג ווארקערס אוו אמעריקע, 15 יוניאן סקווער, ניו יארק.

ווערטער ברודער הילמאן:

אין דעם איצטיגען שארפען סכסוך צווישען דעם שוירט דעפארטמענט פון דער אמאלגאמייטעד קלאדינג ווארקערס און דער טשילדרען דרעס און באטהראוב ארבייטער יוניאן לאקאל 91 פון דער אינטערנעשאנעל אין באצוג דעם פארכאפען אונזער יוריסדיקציע אין דער באטהראוב אינדוסטרי און דאס באנוצען זיך מיט צוואנג־מעטאדען, זיינען פאראן א צאל פאקטען וועלכע דארפען, לויט מיין מיינונג, אין דעם איצטיגען מאמענט ווידערהאלט ווערען און באטאנט ווערען.

איך לייג דא דעריבער פאר פאר אייך די פאקטען, גלויבענדיג פעסט, אז סוף כל סוף, וועלען פאקטען און לאגיק אנטשיידען אט די אנגעווייטאגטע פראגע, וועלכע איז פון אזא לעבענס־וויכטיגקייט פאר א גרויסער צאל פון אונזערע מיטגלידער און אין וועלכער עס איז פארוויקעלט דער גוטער נאמען און די טראדיציעס פון אייער ארגאניזאציע.

1) אנהייב פעברואר הייַנטיגעס יאר, האב איך אייך אינפארמירט דורכ'ן טעלעפאן, אז א פארטרעטער פון דער אמאלגאמייטעד, מר. אלוואנא, באזוכט באטהראוב פירמעס, וועלכע האבען אן אגרימענט מיט לאקאל 91, און באפעלט בעלי־בתים און קאנטראקטארס צו שליסען אן אגרימענט מיט דער אמאלגאמייטעד. איר האט מיר געראטען אויפצונעמען די פראגע מיט אלעקס קאהען, מענעדזשער פון שוירט דעפארטמענט, וועמען איר וועט לאזען וויסען די פאליסי וואס ער זאל נאכפאלגען אין דער אנגעלעגענהייט.

2) דעם 7טען פעברואר האב איך די קלאגען ווידערהאלט צו אייך אין א בריף, צוגעבענדיג, אז די ביידע, קאהען און אלוואנא, האבען ניט נאר געלייקענט אז איר האט זיי געראטען זיך צוריקצוהאלטען פון אריינדרינגען אין אונזערע שעפער, נאר זיינען באשטאנען, אז זיי האבען געקראגען דעם באפעל פון גענעראל אפיס פון דער אמאלגאמייטעד פארצוזעצען די ארבייט אין דער ריכטונג. איך האב אין דעם בריף פארגעשלאגען, אז איר זאלט אויפנעמען די פראגע אין קאנפערענץ מיט אונזער אינטערנעשאנעל פירערשאפט. איך האב ניט ערהאלטען פון אייך קיין ענטפער אויף דעם צושריפט.

3) דעם 30טען מארטש האב איך זיך ווידער געשטעלט מיט אייך אין פארבינדונג, איינשליסענדיג קאפיעס פון בריף וואס איך האב געשיקט צו ברודער י. פאטאפסקי, געהילפס־פרעזידענט פון דער אמאלגאמייטעד, און מארעי ווינשטיין, מענעדזשער פון דעם אמאלגאמייטעד קאטערס לאקאל 4, האב איך אייך אין דעם בריף געלאזט וויסען וועגען באזוכען וואס מר. אלוואנא צוזאמען מיט א געוויסען סידני קיו. קאהען, מענעדזשער פון דער באטהראוב קאנטראקטארס אסאסיאיישאן, האבען אפגעשטאט אין שעפער, וועלכע האבען קאנטראקטען מיט אונזער יוניאן און וועלכע מיר האבען ארגאניזירט. ביי די באזוכען האבען ביידע, דער פארטרעטער פון דער אמאלגאמייטעד און דער פארטרעטער פון דער אסאסיאיישאן, געזוכט אנצושרעקען אונזערע מיטגלידער און סטראשען אז זיי וועלען פארלירען די דזשאבס אויב זיי וועלען זיך ניט אנשליסען אלס מיטגלידער פון דער אמאלגאמייטעד. אויך אויף דעם בריף האב איך פון אייך קיין ענטפער ניט ערהאלטען.

4) א קורצע צייט נאכדעם איז אפגעהאלטען געווארען א קאנפערענץ צווישען דעם שרייבער פון די שורות און די פארטרעטער פון דער אמאלגאמייטעד. די ברידער פאטאפסקי, מארעי ווינשטיין, אלעקס קאהען, אלוואנא און לואיס פוקס אין אפיס פון דער אמאלגאמייטעד. ביי דעם קאנפערענץ האט מען איינגעשטימט אז דער איבערפאל אויף די באטהראוב שעפער זאל אפגעשטעלט ווערען און די פראגע וועגען דער יוריסדיקציע זאל ענטגילטיג געשליכטעט ווערען דורך אייך און פרעזידענט דובינסקי פון אונזער אינטערנעשאנעל. טראץ דעם אפמאך, איז קיין קאנפערענץ צווישען אייך און פרעזידענט דובינסקי ניט געהאלטען געווארען. אנשטאט דעם, האבען די אמאלגאמייטעד בעאמטע און אגענטען באנייט זייערע „רעידס" אויף די באטהראוב שעפער נאך מיט מער פארביסענקייט.

5) ווען מיר האבען פארקלאגט די „וואן באאלען־העילברון" פירמע פאר דער נעשאנעל לעיבאר רילעישאנס באארד פאר מאכען א לאק־אוט געגען אונזערע מיטגלידער דורך ארויספירען איר שאפ פון ניו יארק נאך מעין סטעיט אין דער צייט וואס זיי האבען געהאט אן אגרימענט מיט לאקאל 91 און 300 מיטגלידער אונזערע האבען דורך דעם פארלארען זייערע דזשאבס, האבען מיר ביים פארהער זיך אנגעשטויסען אויף אייער הילפס־פרעזידענט פאטאפסקי, וועלכע איז ארויסגעטראטען געגען אויפנעמען אונזער קלאגע אויפ'ן גרונט וואס די אמאלגאמייטעד מאנט אויך יוריסדיקציע אין באטהראוב טרייד.

6) די באטהראוב קאנטראקטארס, וועלכע האבען אונטערגעשריבען דעם אגרימענט מיט דעם שוירט דעפארטמענט פון דער אמאלגאמייטעד, האבען געקראגען באדייטענדע קאנצעסיעס דורך דעם אפשאפען פון וואקאציע פאנד, צו וועלכען זיי האבען געמוזט צאלען אונטער אונזער אגרימענט, און דורך אפווישען די העכערונגען אויף די שכירות וואס מיר האבען געקראגען אין די שעפער. דער סטרייק אין די שעפער וואס מר. קאהען און אלוואנא האבען כלומר'שט גערופען איידער דער אגרימענט איז אונטערגעשריבען געווארען, איז געווען אן אמת'ער חוזק, אהן סטרייקערס און אהן פיקעטס. עס איז געווען אן אמת'ער „שטילער סטרייק", ווי אייערע אייגענע בעאמטע האבען עס אנגערופען.

ערלויבט מיר אייך איצט איבערגעבען עטליכע פאקטען וועגען דער פראגע פון יוריסדיקציע אין דער באטהראוב אינדוסטרי.

1 די אינטערנעשאנעל לעדיס גארמענט ווארקערס יוניאן איז געווען טעטיג אין דער באטהראוב אינדוסטרי זינט 1913. די פראגע וועגען דער יוריסדיקציע איבער'ן טרייד צווישען דער אינטערנעשאנעל און דער אמאלגאמייטעד איז געסעטעלט געווארען נאך אזוי לאנג צוריק ווי 1921. איר קענט אויפפרישען אייער זכרון איבער דעם ווען איר וועט זיך אנפרעגען ביי מר. אברהם קאהן, וועלכער איז דעמאלט געווען סעקרעטאר־טרעזשורער פון דער אמאלגאמייטעד דזשאינט באארד אין ניו יארק. פון יענער צייט ביז איצט האט אונזער יוניאן, וועמעס יוריסדיקציע איבער דעם באטהראוב טרייד איז ניט אפגעפרעגט געווארען פון קיינעם, זיך געווידמעט דער אויפגאבע צו ארגאניזירען די באטהראוב ארבייטער און פארבעסערען זייערע באדינגונגען.

2) ווען עס איז איינגעשטעלט געווארען דער „קאוד" פאר דער באטהראוב אינדוסטרי אונטער דער נ. ר. א. אין 1933 האט עס איינגעשלאסען אלע באטהראובס, פרויען ראובס, מענערשע און קינדערשע. די אמאלגאמייטעד, וועלכע האט פארטראטען די ארבייטער ביי אלע פארהערען איבער קאודס אין די אינדוסטריען פון מענער קליידער, האט אפילו ניט געשיקט קיין פארטרעטער צום פארהער וועגען דער באטהראוב אינדוסטרי, ווייל זי האט זיך ניט באטראכט אלס צד אין דעם טרייד. די אינטערנעשאנעל אליין האט פארטראטען די ארבייטער פון דער אינדוסטרי ביי די פארהערען.

3) ווען א גרופע באטהראוב ארבייטער, געוועזענע מיטגלידער פון דער נאדעל טרייד ארבייטער אינדוסטריעלער יוניאן, איז אין 1935 ערשינען פאר דער אמאלגאמייטעד און געבעטען אז מען זאל זיי אריינגעמען אלס מיטגלידער, האט די אמאלגאמייטעד זיי געלאזט וויסען, אז די באטהראוב אינדוסטרי באלאנגט אונטער דער יוריסדיקציע פון דער אינטערנעשאנעל.

4) אין דעם גענעראל סטרייק פון 1935 האט אונזער לאקאל און די אינטערנעשאנעל אויסגעגעבען גרויסע סומען געלט צו העלפען די באטהראוב ארבייטער געווינען א קאלעקטיווען אגרימענט וועלכער האט פארקירצט די ארבייטס־וואך פון 40 שטונדען צו 37½ שטונדען; געהעכערט זייערע שכירות; איינגעשטעלט פאר זיי מינימום סקעילס; אנדערטהאלבען מאל געצאלט פאר אווערטיים און שפעטער — אויך דעם וואקעישאן פאנד. אין דעם זעלביגען סטרייק האבען אויך די קאטערס אין די באטהראוב שעפער וועלכע זיינען געווען מיטגלידער פון אמאלגאמייטעד לאקאל 4 געקראגען די 37½ שטונדען וואך דורך די באמיהונגען פון אונזער יוניאן. מיר האבען די קאטערס קיינמאל ניט אויפגעפאדערט צו אויפגעבען זייער מיטגלידערשאפט אין דער אמאלגאמייטעד. נאך מער, די קאטערס האבען ארויסגעוויזען אין דעם סטרייק א פיינעם גייסט פון מיטארבייטערשאפט און האבען קיינמאל ניט אפגעפרעגט די יוריסדיקציע רעכט פון דער אינטערנעשאנעל אין באטהראוב טרייד.

5) צו באשיצען דעם ניו יארקער באטהראוב מארקעט געגען דער קאנקורענץ, האט לאקאל 91 און די אינטערנעשאנעל אויסגעגעבען די סומע פון 56,000 דאלער אין א פארזוך צו ארגאניזירען די „ראבהאר ראוב קאמפאני" אין קאנעטיקוט.

ווי איר זעט, ווייזען אלע פאקטען אן אויף אונזער רעכט אויף דער יוריסדיקציע איבער דער באטהראוב אינדוסטרי; דער אינדוסטריעלער צוזאמענשטעל, אונזער היסטארישע רעכט זינט 1918, וועלכער איז צוגעגעבען געווארען פון דער אמאלגאמייטעד אין 1921 און אונזער לעצטע און איצטיגע ארגאניזאציאנס ארבייט צווישען די ארבייטער אין דעם טרייד.

אט די צוויי גרופען פאקטען, אוועקגעשטעלט זייט ביי זייט און באטראכט אהן פאראורטייל, ברודער הילמאן, קענען ניט איבערלאזען דעם מינדעסטען צווייפעל אין געדאנק פון אן אויפריכטיגען מענשען, אז דאס איצטיגע אריינדרינגען פון דעם שוירט דעפארטמענט פון דער אמאלגאמייטעד אין די באטהראוב שעפער איז א שרייענדע פארגוואלדיגונג פון דער טרייד יוניאן יוריסדיקציע און אז די מיטלען וואס די בעאמטע פון דעם דעפארטמענט האבען באנוצט צו דערגרייכען זייער ציל, זיינען אפשטויסענד לויט יעדען סטאנדארד פון ארבייטער עטיק און אנגענומענע מעטאדען. דער פארשפעטיגטער קלעים אויף יוריסדיקציע איבער מענערשע באטהראובס, נאכדעם ווי מיר פונקציאנירען אין דער אינדוסטרי פאר די לעצטע 26 יאר, איז באזונדערס שוואך אין אנבעטרעכט פון דעם פאקט, וואס ווען זייער ציל זאל דערגרייכט ווערען וואלט עס בלויז פאראורזאכט די צעשפליטערונג פון א קליינער אינדוסטרי אויף אומבאדייטענדע טיילעכלאך וואס קיינער פון זיי וואלט גאר ניט געקענט אויפטאן.

וואס איז נאך וויכטיגער, ברודער הילמאן: אנגענומען פאר'ן מאמענט אז די קלעימס פון דעם שוירט דעפארטמענט אויף יוריסדיקציע איבער די באטהראוב שעפער האבען יא א וועלכען עס איז גרונט, — זינט ווען איז עס אבער געווארען יוניאן־מעסיג צו באנוצען זיך מיט צוואנג און צוזאמענארבייטען מיט באסעס אסאסיאיישאנס אנשטאט פארהאנדלען און דיסקוסירען אזוינע פראגען מיט די פארגאנטווארטלאכע בעאמטע פון א שוועסטער ארגאניזאציע?

עס איז אן אנגעלעגענהייט וואס רירט מיר שטארק אן, וואס עס איז אונז ניט געלונגען צו הערען פון אייך איבער דער וויכטיגער אנגעלעגענהייט טראץ מיינע עטליכע פארזוכען צו שטעלען זיך מיט אייך אין דירעקטער פארבינדונג. איך קען מיר באין אופן ניט פארשטעלען אז איר הייסט גוט אדער פארטיידיגט די טרויעריגע האנדלונג פון אייערע בעאמטע אין דער אומגליקליכער לאגע. ברודער הילמאן, ניט נאר איז דא פארוויקעלט דאס וואוילזיין פון א גרויסער צאל פון אונזערע מיטגלידער, נאר אויך די עהרע און פיינע טראדיציעס פון דער פראגרעסיווער טרייד־יוניאן באוועגונג אלס גאנצע שטייט אין קאן.

די אויבען־געבראכטע פאקטען און אייער שטעלונג צו דעם אין דער וויכטיגער פראגע האט מיר געצוואונגען זיך ווענדען צו אייך מיט דעם אפענעם בריף.

## רעזאלוציע.

מיר, די ארבייטער פון נארמאן ספארטוועער, 239 וועסט 39טע סטריט, ניו יארק, האבען דעם מיטוואך פון 28טען יוני פארוואנדעלט אין א שיינעם יום־טוב.

ביי שעהן געדעקטע טישען, טאקע אין דעמזעלבען שאפ, האבען מיר פרעזענטירט אונזער שאפ טשערמאן, ברודער הערי ווינטער, מיט א שעהנעם גאלדענעם האנטזייגער פאר זיין גוטער ארבייט וואס ער האט געלייסטעט פאר די ארבייטער פון שאפ פאר די לעצטע 5 יאר.

ס'איז דא ניט דער פלאץ אויסצורעכענען אלץ וואס ברודער ווינטער האט געטאן אויפצוהאלטען די יוניאן באדינגונגען אין אונזער שאפ. אבער מיר מעגען זאגען אז א דאנק אזעלכע טשערלייט האבען מיר אזא שטארקע און קאמפערשע יוניאן.

מיר ווינשען אונזער טשערמאן געזונט און באגייסטערונג פאר ווייטערדיגע טעטיגקייט אויף דעם געביט.

ביי אט דער געלעגענהייט איז אויך אויסגעדריקט געווארען דאנקבארקייט צו אונזער ביזנעס אגענט, ברודער שעכטער, דורך א מתנה פאר זיין גוטער ארבייט לטובות דעם שאפ.

מיט אכטונג, די קאמיטע.
סעם בראון, בעני רייך, איזידאר שפריצער
און איזידאר ליפשיטץ — לאקאל 22.

# אין דער קלאָוקמאַכער יוניאָן און אין טרייד

### פון לואיס ע. לאַנגער



ין מאָנאַט יולי האָט דער קלאָוק טרייד געהאַט אַרבייט פאַר די אויגוסט סיילס, אָבער אין מאָנאַט אויגוסט האָט דער טרייד גענומען אַ גרויסען „דראָפּ“. מענשען, וואָס זיינען באַקאַנט מיט אונזער טרייד, האָבען אָנגעגעבען עטליכע כאַראַקטעריסטישע אורזאַכען פאַר דעם „דראָפּ“, און עס לעגט זיך אויפ'ן שכל. זיי האָבען באַהויפּטעט, אַז דאָס וואָס אין אויגוסט איז געווען ווייניגער אַרבייט ווי אין יולי, איז עס דערפאַר וואָס די אויגוסט־סיילס זיינען אין אַלגעמיין ניט געווען קיין ערפאָלג, און קיין ערפאָלג זיינען זיי ניט געווען ווייל די היצען האָבען אָפּגעהאַלטען די קאַסטאָמערס פון באַזוכען די סטאָרס, און פילע ריטיילערס, וועלכע האָבען אויפגעהערט צו גלויבען אין די אויגוסט סיילס, קויפען ניט קיין קלאָוקס ביז דער מאַרקעט צייגט די לעצטע סיילס פון סיזאָן, און דאָס איז ענדע פון מאָנאַט אויגוסט.

הגם די אויגוסט סיילס זיינען ניט געווען קיין ערפאָלג און אין מאָנאַט אויגוסט איז צוליב געוויסע סיבות ניט געווען אַזוי פיל אַרבייט ווי מען האָט געהאָפט, איז דאָך די שטימונג פאַר אַ גוטען סיזאָן נאָך אַלץ דיזעלבע. פילע באַהויפּטען, אַז דער ווינטער סיזאָן וועט האָבען אַרבייט און זיי ערוואַרטען, אַז די אַרבייט זאָל זיך אָנפאַנגען באַלד נאָך לייבאָר דעי.

⁂

דאָס מענעדזשמענט פון דער דזשאָינט באָארד האָט זיך געביטען. אָנשטאָט אַן אַדמיניסטראַטיווער קאָמיטע, מיט ברודער ברעסלאַוו אַלס טשערמאַן, וואָס האָט פאַרוואַלטעט די געשעפטען פון דזשאָינט באָארד אין פאַרלויף פון די לעצטע 5 מאָנאַטען, איז די פאַרוואַלטונג פון דזשאָינט באָארד איבערגעגאַנגען אין די הענד פון ישראל פיינבערג, וועלכער איז געווען איר גענעראַל מענעדזשער אין די יאָרען פון 1920 ביז 1925, און וועלכער איז די לעצטע עטליכע יאָר געווען דער דירעקטאָר פון אונזער אינטערנעשאַנאַל אויפ'ן פאַסיפישען „קאָוסט“. נאָכדעם ווי ברודער ברעסלאַוו האָט, אויף דעם פאַרלאַנג פון די מעמבערס פון לאָקאַל 35, ניט געקענט אָננעמען דעם אַמט פון גענעראַל מענעדזשער פון דזשאָינט באָארד, וועלכער איז אים אָנגעבאָטען געוואָרען, האָט די דזשאָינט באָארד, דורך אַן איינשטימיגען באַשלוס, זיך געווענדעט צו פּרעזידענט דובינסקי מיט דעם פאַרלאַנג אַז ער זאָל אַנטלאָסען ברודער פיינבערג פון דעם פאַסיפישען קאָוסט איבערצונעמען די פירערשאַפט פון אונזער דזשאָינט באָארד. עס איז פאַרשטענדליך, אַז ברודער פיינבערג איז ניט קיין אימפּאָרטירטער סטאָק. ער איז אַ קלאָוקמאַכער און אונזערער אַ מעמבער. ער איז צוריקגעקומען אין זיין אַלטער היים.

⁂

די אַדמיניסטראַטיווע קאָמיטע, וועלכע איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען נאָכדעם ווי ברודער איזידאָר נאַגלער האָט רעזיגנירט פון זיין אַמט אַלס גענעראַל מענעדזשער פון אונזער דזשאָינט באָארד, אום איבערצונעמען די פירערשאַפט פון לאָקאַל 10, פון וועלכען ער איז אַ מעמבער, האָט פאַרוואַלטעט די געשעפטען פון דזשאָינט באָארד אַ קאָרגען האַלבען יאָר. דורך דער צייט פון איר פאַרוואַלטונג האָט די קאָמיטע איינגעפירט די סיסטעם פון איינהייטליכען קאָנטראָל, און האָט אויך אָנגעפאַנגען איינצופירען די סיסטעם פון שטיק־, אָנשטאָט וואָך־אַרבייט, אין די עקזיסטירענדע סעקשאָן שעפער. די קאָמיטע האָט אויך געגעבען ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט צו די טשיין־סטאָר און מעיל אָרדער הייזער, וועלכע זיינען ביי היינט צו טאָג אַ גרויסע פּראָבלעם פאַר אונזער יוניאָן.

דער טשערמאַן פון דער אַדמיניסטראַטיווער קאָמיטע איז געווען ערפאָלגרייך אין שליסען אַ קאָנטראַקט מיט דער לערנער טשיין סטאָר־פירמע און עס איז אים אויך געלונגען צו קומען צו אַ פאַרשטענדיגונג מיט דער מיליאָנערקער מעיל אָרדער הויז פון סירס־ראָבאַק, וועלכע האָט זיך פאַרפליכטעט ניט צו האַנדלען מיט קיינע ניט־יוניאָן מאַנופעקטשורערס און ניט צו קויפען קיינע קלאָוקס אָן דעם „ריקאַווערי לייבעל“. ביידע, דער קאָנטראַקט מיט דער לערנער קאָ. ווי אויך די פאַרשטענדיגונג מיט סירס־ראָבאַק, ווערען אָנערקענט אַלס אַ גרויסער אויפטו מצד דער אַדמיניסטראַטיווער קאָמיטע. עס איז ניט געווען קיין לייכטע זאַך איינצוברעכען אַזעלכע ריזיגע פירמעס, וועלכע האָבען יאָרען־לאַנג ניט געטראָגען די מינדסטע פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר די באַדינגונגען אין די שעפער, וואו זייער אַרבייט ווערט פּראָדוצירט,

און ברענגען זיי אונטער דער יוניאָנ'ס קאָנטראָל. עס האָט זיך געפאָדערט פיל טאַקט און אויסגערעכענטקייט דאָס צו דערגרייכען. דער אויפטו פון דער אַדמיניסטראַטיווער קאָמיטע איז אַ גרויסע דערגרייכונג און פאַרדינט ספּעציעלע אָנערקענונג.

מיט די אַנדערע מעיל אָרדער הייזער, ווי צום ביישפּיל: מאָנטגאָמערי וואָרד, „דזשיי־סי פּעני“, שיקאַגאָ מעיל אָרדער הויז און מיטשעל ענד מעי איז דער אַדמיניסטראַטיווער קאָמיטע ניט געלונגען צו קומען צו אַזאַ פאַרשטענדיגונג ווי מיט די צוויי אויבענדערמאָנטע פירמעס. די יוניאָן וועט וואַרשיינליך מיט זיי מוזען אָנפירען אַ קאַמף. דאָס וועט אָבער מוזען געטאָן ווערען ביי דער ערשטער בעסטער געלעגענהייט.

דאָס וואָס עס איז דער יוניאָן ביז איצט ניט געלונגען צו ברענגען אונטער איר קאָנטראָל די מאָנטגאָמערי־וואָרד, „דזשיי סי“ פּעני און די אַנדערע מעיל אָרדערע פירמעס זיינען פאַר דעם פאַראַנטוואָרטליך די פירער פון די פאַרשיידענע קלאָוק אַסאָסיאיישאָנס, וועמעס מעמבערס אַרבייטען פאַר די דאָזיגע הייזער, און דער טשערמאַן פון דער אַדמיניסטראַטיווער קאָמיטע האָט מיט רעכט זיך אויסגעדריקט אַז די דאָזיגע פירער האָבען „דאָבעל קראָסד“ די יוניאָן. זיי האָבען דאָך אימער געהאַלטען אין איין טענה'ן, אַז מען דאַרף די מעיל אָרדער הייזער ברענגען אונטער קאָנטראָל, און ווער ווייס נאָך מער ווי זיי וואָס פאַר אַ שאָדען די דאָזיגע מעיל אָרדער הייזער האָבען געבראַכט דעם טרייד? און דאָך ווען די יוניאָן האָט באַשלאָסען אָנצופאַנגען אַ קאַמפּיין צו ברענגען די דאָזיגע הייזער אונטער קאָנטראָל האָבען זיך די פירער פון די אַסאָסיאיישאָנס דערשראָקען און ניט אַרויסגעוויזען קיין נייגונג צו קאָאָפּערירען געגען די פירמעס.

ווי געזאָגט, וועט די יוניאָן מוזען אָנפירען אַ קאַמף מיט די דאָזיגע הייזער זיי צו ברענגען אונטער אַ וועלכען ניט איז קאָנטראָל. אָבער אַזוי ווי עס איז שוין איצינד צו שפּעט אין סיזאָן אונטערצונעמען אַזאַ קאַמף, האָט די יוניאָן באַשלאָסען עס אָפּצולעגען ביז אַ מער גינסטיגער צייט, און דאָס וועט וואַרשיינליך מוזען געשען אין דעם יאָר 1940 ווען אונזערע יעצטיגע קאָלעקטיווע אַגרימענטס וועלען דאַרפען באַנייט ווערען.

⁂

די אינסטאַליישאָן פון גענעראַל מענעדזשער ישראל פיינבערג איז פאָרגעקומען מיטוואָך אָוונט, דעם 16טען אויגוסט, אין האָטעל אַסטאָר, ביי אַ געמיינשאַפטליכען מיטינג פון די עקזעקוטיוו באָארדס פון אַלע אָנגעשלאָסענע לאָקאַלען פון דזשאָינט באָארד.

ברודער ברעסלאַוו, טשערמאַן פון דער אַדמיניסטראַטיווער קאָמיטע, האָט אָפּגעגעבען אַ באַריכט פון דער קאָמיטע'ס טעטיגקייטען און דערגרייכונגען דורך די פינף מאָנאַטען וואָס די קאָמיטע האָט פונקציאָנירט אַלס די פאַרוואַלטערין פון דזשאָינט באָארד. ער האָט אָנגעוויזען אויף די פילע וויכטיגע טעטיגקייטען, מיט וועלכע די אַדמיניסטראַטיווע קאָמיטע האָט זיך פאַרנומען, ווי, צום ביישפּיל: די אָרגאַניזירונג פון די ניט־יוניאָן שעפער; דער קאַמפּיין צו ברענגען אונטער דער יוניאָנ'ס קאָנטראָל די טשיין סטאָר און מעיל אָרדער הייזער; דער קאַמפּיין אָפּצושאַפען וואָך־אַרבייט אין די סעקשאָן שעפער וואָס מאַכען די ביליגע ליין אַרבייט, און אַ רייע אַנדערע וויכטיגע פּראָבלעמען וואָס האָבען אַ שייכות מיט דער טאָג־טעגליכער עקזיסטענץ און וואָוילזיין פון די קלאָוקמאַכער. ער האָט אָנגעוויזען אויף די פילע שוועריגקייטען אַן וועלכע די אַדמיניסטראַטיווע קאָמיטע האָט זיך אָנגעשטויסען אין שייכות מיט די אויבען אויסגערעכענטע פּראָבלעמען און אויף ווי ווייט זי האָט געהאַט ערפאָלג אין לייזען זיי. ער האָט זיך אויך אָפּגעשטעלט אויף אונזער מעמבערשיפּ און ער האָט אָנגעוויזען, אַז דער קלאָוקמאַכער איז נאָך ווייט ניט אַזוי אַלט ווי מאַנכע באַהויפּטען. ער איז אַ גאַנץ געזונטער עלעמענט און איז נאָך היינט פּונקט אַזוי קאַמפספעאיג ווי מיט יאָרען צוריק.

ער האָט פאַרענדיגט זיין באַריכט מיט דער ערקלערונג, אַז מיט דער אינסטאַלירונג פון נייעם גענעראַל מענעדזשער לייזט זיך די אַדמיניסטראַטיווע קאָמיטע אויטאָמאַטיש אויף און יעדער איינער פון דער קאָמיטע וועט זיך צוריקקערען צו זיין לאָקאַלען פּאָסטען.

דערמיט אָבער ענדיגט זיך ניט די טעטיגקייט פון די דאָזיגע לאָקאַלע פירער אין דער דזשאָינט באָארד. זיי וועלען אויך אין דער צוקונפט פאַרבלייבען אַזוי טעטיג און וועלען נעמען דעם זעלבען אַקטיווען אַנטייל אין די פירונגען פון דער דזשאָינט באָארד ווי זיי האָבען עס געטאָן אין דער צייט ווען זיי האָבען פונקציאָנירט אַלס די אַדמיניסטראַטיווע קאָמיטע. זיי וועלען שטיין מיט דעם ניי־ערוויילטען גענעראַל מענעדזשער און וועלען אים העלפען אין דורכפירען די פּראָגראַם וואָס די דזשאָינט באָארד האָט אָנגענומען.

אין נאָמען פון דזשאָינט באָארד דריק איך דאָ אויס אונזער האַרציגען דאַנק און אָנערקענונג צו דער געוועזענער אַדמיניסטראַטיווער קאָמיטע, נעמליך, די ברידער ברעסלאַוו, קאַפּלאַן, סאַרקין, נאַגלער, מאַליסאַני און דעם געוועזענעם צייטווייליגען מענעדזשער פון לאָקאַל 117, ברודער ראובן צוקערמאַן, פאַר די איבערגעגעבענע דינסט וואָס זיי האָבען געלייסטעט דער דזשאָינט באָארד.

⁂

פּרעזידענט דובינסקי האָט אינסטאַלירט דעם נייעם גענעראַל מענעדזשער, ישראל פיינבערג. זיין רעדע צו די דעלעגאַטען איז געווען אַ העכסט פּראַקטישע און אויך אַ זייער באַגייסטערענדע. פּרעזידענט דובינסקי האָט זיך אָנגעשלאָסען אָן דער מיינונג פון דעם טשערמאַן פון דער אַדמיניסטראַטיווער קאָמיטע, אַז דער קלאָוקמאַכער איז אַ געזונטער עלעמענט. ער איז געגאַנגען נאָך ווייטער און ערקלערט, אַז די קלאָוקמאַכער יוניאָן, טראָץ דעם וואָס זי איז ניט מער אַזוי גרויס אין צאָל ווי זי איז געווען, איז זי נאָך אַלץ דער רוקענביין פון דער אינטערנעשאַנעל. דער פּרעזידענט האָט געהאַט פיל לויב־געזאַנגען פאַר דעם נייעם גענעראַל מענעדזשער, ישראל פיינבערג, וועלכער איז ניט קיין פנים חדשות פאַר די קלאָוקמאַכער בפרט און פאַר דער אַרבייטער באַוועגונג בכלל. ער האָט אָנגעצייגט, דאָס דער נייער גענעראַל מענעדזשער פאַרשטייט אונזערע פּראָבלעמען און האָט אויך די אינטעליגענץ זיי צו לייזען. דער פּרעזידענט, אין זיין אייגענעם נאָמען און אין נאָמען פון דער אינטערנעשאַנאַל, האָט פאַרשפּראָכען פיינבערג'ן פולען סופּאָרט פאַר די קלאָוקמאַכער.

גענעראַל מענעדזשער פיינבערג איז אויפגענומען געוואָרען מיט אַ גרויסער אָוואַציע ביי דעם אַלגעמיינעם עקזעקוטיוו באָארד מיטינג. פיינבערג, טראָץ דעם וואָס ער איז געווען אַזוי פיל יאָרען אַוועק פון ניו יאָרק, איז אים דאָך די קלאָוקמאַכער יוניאָן, מיט אירע פּראָבלעמען, ניט פרעמד. ער איז מיט איר געווען פאַרבונדען סיי דורך שריפט פון אונזער אייגענער פּרעסע און דער אַלגעמיינער פּרעסע, און סיי דורך זיין צוזאַמענקונפט פון צייט צו צייט מיט די פירער פון אונזער דזשאָינט באָארד ביי די מיטינגען פון דער ג. ע. ב., פון וועלכער ער איז אַ מעמבער. ער איז גוט באַקאַנט מיט די פּראָבלעמען פון אָווערלעפּינג און מיט דער פּראָבלעם פון דער ביליגער ליין אַרבייט, וועלכע איז כמעט אין גאַנצען פאַרשוואונדען פון ניו יאָרק. מיט די אַלע אַנדערע פּראָבלעמען פון אונזער יוניאָן וועט ברודער פיינבערג'ן ניט לאַנג נעמען זיך צו באַקענען. אין ברודער פיינבערג האָבען די קלאָוקמאַכער אַ פירער מיט אינטעליגענץ, וועלכער האָט די אינטערעסען פון די קלאָוקמאַכער אין האַרצען. אין נאָמען פון דזשאָינט באָארד ווילען מיר אים ווינשען ערפאָלג אין זיין אָפיס.

---

## דאַנק־רעזאָלוציע

מיר, די אַרבייטער פון קראַוה קלאָוק שאָפּ, 142 וו. 26טע סטריט, דריקען אויס אונזער אָנערקענונג און דאַנקבאַרקייט צום טשערמאַן, ברודער הערי סענדערס, און דער קאָמיטע: דזשאָ קיסלעוואָסקי, לאָק. 117; הערי גאָלדשטיין, לאָק. 117, און מאָריס פיש, לאָק. 35. זאָל איער גוטע איבערגעגעבענע אַרבייט דינען אַלס ביישפּיל און אָנרעגונג אונזערע שאָפּ־ברידער צו דינען אין די אינטערעסען פון די אַרבייטער. ביי דער געלעגענהייט דריקען מיר אויך אויס אונזער צוטרוי און אָנערקענונג אונזער ביזנעס אייגענט, ברודער קרעמער, פאַר זיין גוטער אַרבייט אין די אינטערעסען פון אונזער שאָפּ.

ב. ביגלאַייזען, ל. 35; פיליפּ זאַבראָווסקי, ל. 117.
רעזאָלוציאָנס קאָמיטע:

# ענטפֿער צו בענדזשאַמין קאַפּלאַן, מענעדזשער פון לאָקאַל 117

## פון דזשאָזעף ברעסלאָו

טשערמאַן פון דער אַדמיניסטראַטיווער קאָמיטע פון קלאָוק דזשאָינט באָארד.

אין לעצטען נומער „גערעכטיגקייט" און אויך אין די טעגליכע צייטונגען, איז געווען געדרוקט אַן אַרטיקעל, אדער א סטייטמענט, פון ב. קאַפּלאַן, מענעדזשער פון קלאָוק אָפּערייטאָרס יוניאָן, לאָקאַל 117, אין באַצוג צו דער פראַגע וואָס די דזשאָינט באָארד האָט ביי איינע פון אירע מיטינגען באַשלאָסען אז ברודער טשאַרלס אראָנסקי, מעמבער פון לאָקאַל 35, זאָל פאַרנעמען דעם דזשאָינט באָארד אַמט אלס מענעדזשער פון דזשאבערס-אַמעריקען דיסטריקט „סי", וועלכער איז פריער געווען פאַרנומען פון דעם זעלבען ב. קאַפּלאַן, אנשטאָט וואָס לאָקאַל 117 האָט געוואָלט אַז מ. באַגנאַ זאָל אַפּאָינטעט ווערען פאַר דעם אַמט.

דער אַרטיקעל אין תמצית איז אַ ביטערע און גאַליגע אַטאַקע אויף דער דזשאָינט באָארד אלס א גאַנצע, אויף די אַלע לאָקאַל יוניאָנס וואָס זיינען פאַרבונדען מיט דער דזשאָינט באָארד, חוץ לאָקאַל 10, אויף מיר פּערזענליך און אויף ברודער סאָרקין, א. אַז. וו.

בעפאָר איך וועל צוקומען צו דער עצם פראַגע ווייל איך קודם כל זיך מודה ומתודה זיין, אז פאַר מיר איז די אַטאַקע געווען אַן אבסאָלוטער סורפּרייז און א סורפּרייז איז דאָס געווען דערפאַר, ווייל אין אנקלאַנג מיט אונזערע אָפּמאַכען, האָט דאָס געהייסען אז עס דאַרף עקזיסטירען פרידען און שלום צווישען דער דזשאָינט באָארד און לאָקאַל 117.

אַ פּאָר טעג נאָכדעם ווי די דזשאָינט באָארד האָט געמאַכט דיזען באַשלוס, איז געקומען צו גיהן צו מיר א דזשאָינט באָארד מעמבער מיט דעם נאָמען קלאָט, וועלכער איז אויך א מעמבער פון לאָקאַל 117, און נאָכדעם ווי ער האָט געהאַט מיט מיר אַן אונטעררעדונג, האָט ער ארויסגעבראַכט דעם געדאַנק אז עס וואָלט געווען פאַר די בעסטע אינטערעסען פאַר אַלע מעמבערס פון דער יוניאָן ווען מען קאָן זיך צוזאַמענקומען מיט קאַפּלאַנ'ען, און פאַרשטעהער פון לאָקאַל 117. ער דענקט, אז עס וואָלט געקאָנט זיין א מעגליכקייט אז מען זאָל די היציגע געמיטער מאַכען א ביסעל קעלטער און ער גלויבט אז מען וואָלט געקאָנט קומען צו א פאַרשטענדיגונג אז מען זאָל זיך ניט דאַרפען ארומקריגען, וואָס וואָלט געווען גוט פאַר אַלעמען.

איך, נאַטירליך, האָב אים געענטפערט אז איך וואָלט געווען זייער צופרידען אזא זאַך צו טאָן, ווייל ניט איך פּערזענליך, און ווי ווייט איך ווייס, איז קיינער פון די פאַראַנטוואָרטליכע בעאַמטע פון דזשאָינט באָארד ניט פאַראינטערעסירט זיך צו קריגען מיט די אָפּערייטאָרס. נאָך מער, מיר דענקען אפילו אז מיר האָבען ניט קיין אורזאַכע זיך מיט זיי צו קריגען.

מיט א פּאָר טעג שפּעטער איז אראַנזשירט געוואָרען א צוזאַמענקונפט אויף וועלכען עס זיינען געווען אנוועזענד: איך, בענדזשאַמין קאַפּלאַן פון לאָקאַל 117, דזש. דזש. העלער פון לאָקאַל 117, און דער באַטרעפענדער א. קלאָט. ביי יענעם צוזאַמענקונפט איז די פראַגע פון צוזאַמענאַרבייטען זייער פיל ארומגערעדט געוואָרען. אַלע קריוודעס פון ביידע צדדים זיינען אויסגעדראָשען געוואָרען און עס איז אראַנזשירט געוואָרען אַז לטובת אַלעמען, זאָל מען פאַרגעסען די מיספאַרשטענדענישען, אויב עס זיינען געווען אזעלכע בעפאָר, און אז אין דער צוקונפט זאָל אַלץ געאַרבייט ווערען צו דער צופרידענשטעלונג פון דזשאָינט באָארד און פון לאָקאַל 117. מיר האָבען צוגעזאָגט, אז אַלע זייערע וואונשען וועלען גענומען ווערען אין אַנבאַטראַכט.

אויף זייער פאַרלאַנג איז אראַנזשירט געוואָרען אז מיר זאָלען רעקאָמענדירען אַז באַגנאַ זאָל ווערען דער אַסאָשיאייט מענעדזשער פון ברודער אראָנסקי; אז זיי זאָלען האָבען אַ מאַן אין דער אָרגאַניזיישאָן קאָמיטע, וועלכער זאָל פאַרטרעטען זייער לאָקאַל און עס איז אפילו אראַנזשירט געוואָרען, אז די ביזנעס אַגענטען, וועלכע זיי גייען רעקאָמענדירען, זאָלען זיין פון דעם סאָרט ווי זיי זיינען פאַראינטערעסירט און ווי מיר זיינען פאַראינטערעסירט, אז זיי זאָלען זיין ביזנעס אַגענטען פון דער יוניאָן, און נאָך אַנדערע זאַכען אויף וועלכע מיר קאָנען איצט ניט אָנמערקען. עס האָט געדאַרפט הייסען, אַז עס דאַרפען עקזיסטירען די בעסטע געפילען צווישען דער דזשאָינט באָארד און לאָקאַל 117. מיר האָבען פון אונזער זייט דאָס אָנגענומען און דורכגעפירט און מיר פירען דאָס דורך און מיר דענקען אָנצוהאַלטען די זעלבע פּאָליסי אין דער צוקונפט.

אונטער דיזע אומשטענדען איז ווען איך האָב געלעזען דעם אַרטיקעל בין איך געווען זייער ערשטוינט. איך האָב ניט געקאָנט פאַרשטיין ווי אזוי דער אַרטיקעל שטימט מיט זייערע אָפּמאַכען וואָס זיי האָבען מיט אונז אָפּגעמאַכט. אָבער נאָכדעם ווי מיר האָבען זיך דורכגערעדט מיט אייניגע בעאַמטע אין דער יוניאָן, האָבען זיי מיר ערקלערט אז עס איז דאָ נאַטירליכע, טיפע אורזאַכען ווארום אזא אַרטיקעל זאָל ערשיינען. די בעאַמטע האָבען גע'טענה'ט אז דאָס איז נאָך אַ רעזולטאַט פון דעם לעצטען עלעקשאָן קאַמפּיין פון לאָקאַל 117. זייער מיינונג איז געווען און עס איז, אז אין דער היץ פון דעם קאַמפּיין וואָס איז אָנגעפירט געוואָרען אין לאָקאַל 117, האָט די איצטיגע נייע אַדמיניסטראַציע, זייענדיג שטאַרק נייגעריג ערוויילט צו ווערען, האָט זי צוגעזאָגט אַלע אַרבייטסלאָזע אָפּערייטאָרס דזשאָבס, אז מען וועט אָפּשאַפען די סעקשאָן סיסטעם און אין אַלגעמיין האָט מען צוגעזאָגט כמעט אזוי ווי אין דער האָוווער עלעקשאָן, א „טשיקען אין יעדען טאָפּ". אָבער איצט, ווען זיי זיינען ערוויילט געוואָרען, און צו אונזער באַדויערען, גייען די אַרבייטסלאָזע אָפּערייטאָרס נאָך אַלץ ארום לעהר און זיי קאָנען זיי נאָר אַלץ קיין דזשאָבס ניט געבען; דעם באַשלוס צו אַרבייטען פון שטיק אין די סעקשאָן שעפּער איז, אָבוואָל זיי האָבען געוואָלט אויפבלאָזען א גאַנצע אישו אז מיר ווילען לעגאַליזירען סעקשאָן אַרבייט, אָבער אַנשטויסענדיג זיך מיט די אמת'ע פאַקטען אין אונזער טרייד און וויסענדיג די שטעלונג פון דער יוניאָן און אויך די שטעלונג פון ברודער דובינסקי פון דער אינטערנעשאָנעל, און, אגב אורחא, די שטעלונג פון אונזערע באַלעבאַטים און פון אונזערע פאַרשידענע אַסאָסיאיישאָנס מיט וואָס פאַר אַ מיטלען זיי באַקעמפען דעם באַשלוס פון דזשאָינט באָארד, האָבען זיי געמוזט, ווילענדיג ניט ווילענדיג, אויפגעבען זייער אויפגעבלאָזענע אישו. אז קיין „טשיקען אין יעדען טאָפּ" פאַר אַן אָפּערייטאָר איז נאָך דערווייל ניטאָ, און אַזוי ווי מען האָט זיך אַנגעשלאָגען אַן טרוקענע פאַקטען און שווערע ווירקליכקייטען, איז דער איינציגער וועג ווי מען קאָן זיך רעכטפערטיגען פאַר די אייגענע מעמבערס איז אויפצובלאָזען א ברודער קריג און אויפהעצען איין לאָקאַל געגען צווייטען און מאַכען עמיצען פאַר א קרבן — און אין דעם פאַל איז דער לייכסטער קרבן די דזשאָינט באָארד און ווייל איך בין איצט דער טשערמאַן פון דער דזשאָינט באָארד אַדמיניסטראַטיווער קאָמיטע, איז נאַטירליך דאַרף איך שוין אויך ווערען דער קרבן. דערפאַר איז זייער באַקוועם צו נעמען א מינדערוויכטיגען באַשלוס פון דער דזשאָינט באָארד וואָס באַציט זיך אויף איין אינדיווידועלען פּערזאָן מיט איין דעפּאַרטמענט, וואָס איז ניט מער וויכטיג ווי אירגענד אַן אַנדער דעפּאַרטמענט פון דער יוניאָן, און דאָס אויפשפּילען אויף אַן אופן ווי דער גאַנצער לאָקאַל און די גאַנצע יוניאָן וואָלט געווען אָפּהענגיג פון דיזען דעפּאַרטמענט. און אויפשפּילען די אישו אַזוי, עס זאָל אויסקומען אז אַלע אין דער יוניאָן האָבען זיך צוליב פאַרשידענע מאָטיוון קאָמבינירט צו באַקעמפען די אָפּערייטאָרס און אַזוי נאָך מאַכען דעם געשריי אז מען באַ'גזל'ט דעם קלאָוק אָפּערייטאָרס לאָקאַל 117.

מען פאַרגעסט דעם פאַקט, אז פון 13 דעפּאַרטמענטס און אַנדערע מענעדזשערס אין אונזער דזשאָינט באָארד, זיינען איצט 7 מעמבערס פון לאָקאַל 117, א חוץ אַנדערע בעאַמטע. סיידען לאָקאַל 117 גלויבט אז די וויכטיגע אַמטען וואָס זייערע מיטגלידער האַלטען מיינען גאָרניט און באַגנאַ וואָלט דאָ געראַטעוועט די גאַנצע סיטואַציע; אָבער וואָס מיר ווילען דאָ גלייך זאָגען, אז געגען באַגנאַ'ן פּערזענליך האָבען מיר גאָרניט. אויב זיי דענקען, אז בלויז באַגנאַ וואָלט געבראַכט משיח'ן, דאַן האָבען זיי נאַטירליך געהאַט רעכט.

עס נעמט מער ווי „נערוו", נאָך מיין מיינונג גרעניצט זיך דאָס מיט אַ סך דעמאַגאָגי, (איבער געוויסע אורזאַכען וואָס מיר וועלען ערקלערען שפּעטער ווארום די דזשאָינט באָארד האָט געשטימט פאַר אראָנסקי) אז קאַפּלאַן זאָל מאַכען א גאַנצע „טשאָפּ סואי" און ערקלערען אז געוויסע אָנפירער פון דזשאָינט באָארד זיינען אויסשליסליך פאַראינטערעסירט אין זייערע לאָקאַלע אינטערעסען און אויפרייצען די אָפּערייטאָרס אז די פּרעסערס ווילען דאָ פאַרכאַפּען די יוניאָן ווייל זיי זיינען פאַראינטערעסירט צו האָבען די מאַכט כדי דורכצופירען דעם סעקשאָן סיסטעם און אַנדערע אומקלאָרע מאָטיוון. און אויך אַטאַקירט יעדען לאָקאַל באַזונדער ווארום זיי האָבען געהאַט די חוצפּה צו שטימען געגען זייערען א קאַנדידאַט און אַזוי ארום אַלעמען באַהאַנדלען אין א וועג ווי זיי וואָלטען דורך זייער אַקט באַגאַנגען דעם גרעסטען פאַרברעכען געגען דער יוניאָן און אַז זיי זיינען די איינציגע וועלכע וואָלטען ווערען ראַטעווען די גאַנצע יוניאָן. און אין וואָס איינגענטליך באַשטייט דאָס ראַטעווען? אז מען זאָל באַגנאַ'ן מאַכען פאַר א מענעדזשער?

אָבער איך וויל איצט ניט אריינגיין אין די אַלע זאַכען, ווייל מיר גלויבען אין דעם געזונטען פאַרשטאַנד פון אַלע מעמבערס פון דער יוניאָן און אויך פון די מעמבערס פון דעם קלאָוק אָפּערייטאָרס לאָקאַל 117. אין דעם טרייד וויסען זיי אונזערע באַציאונגען צו די מעמבערס, אונזער אַלגעמיינעם צוגאַנג אין דער יוניאָן און זיי וויסען אויך אז אַלץ וואָס איז דאָ גערעדט איז ניט מער ווי שיטען זאַמד אין די אויגען און אַז עס איז געטאָן אַבזיכטליך מיט דעם צוועק אויפצוהעצען א ברודער קריג אין דער דזשאָינט באָארד.

דער אמת'ר אמת איז, אז די דזשאָינט באָארד וויל ניט פאַרגוואַלדיגען די אָפּערייטאָרס. דאָ האָט זיך אַיבערהויפּט ניט געהאַנדעלט וועגען פאַרגוואַלדיגען די אָפּערייטאָרס. דער אמת איז, אז די קלאָוק אָפּערייטאָרס יוניאָן, לאָקאַל 117, מיט קאַפּלאַנ'ען אין דער שפּיצע, זיינען פאַר'שיכור'ט פון זייער זיג, האָבען זיי געוואָלט באַצאָלען ברודער באַגנאַ, וועלכער איז געווען דער מענעדזשער פון זייער קאַמפּיין, מיט פּאָליטישען פּאַטראָנאַזש, און זיי האָבען אים געוואָלט דערפאַר פאַרגיטיגען מיט מאַכען אים אַ מענעדזשער אין דער יוניאָן. איז געקומען צוגיין דער פּרעסערס לאָקאַל און גע'טענה'ט פאָלגענדעס: — אַז טשאַרלס אראָנסקי האָט געאַרבייט אריבער 6 יאָר צייט אלס אַסיסטענט מענעדזשער, טאַקע מיט קאַפּלאַנ'ען אין דעם זעלבען אָפיס, און אַז ער איז אין אַלגעמיין אין דער יוניאָן באַקאַנט אַלס אַ גוטער, ענערגישער און פעהיגער יוניאָן טוער. און צוליב זיין לאַנג זיין אין דיסטריקט איז ער באַקאַנט מיט די שעפּער, מיט די עלעמענטען מענשען וואָס אַרבייטען אין די שעפּער, מיט די באַלעבאַטים און מיט אַלעס וואָס האָט אַ שייכות צו דעם דעפּאַרטמענט און צוליב די אינטערעסען פון די אַרבייטער איז ער דער בעסטער, צוגעפּאַסטער פּערזאָן פאַר דעם דיסטריקט. דערצו האָט זיך נאָך ארויסגעלאָזט אַז לאָקאַל 35, כאָטש ניט אזוי גרויס ווי לאָקאַל 117, אָבער דאָך אַן איינפלוסרייכער און קאָנסטרוקטיווער לאָקאַל, האָבען שוין פון א לאַנגע צייט גע'טענה'ט אז זיי זיינען באַרעכטיגט צו האָבען מער ווי איין דיסטריקט מענעדזשער אין דזשאָינט באָארד. דאָס אַלעס צוזאַמענגענומען זיינען געווען די מאָטיוון און די אורזאַכען וועלכע זיי האָבען פאַרגעלייגט צו דער דזשאָינט באָארד אין קורצען ווען מען האָט געדאַרפט וועגען דעם שטימען, און ווי עס שיינט האָבען אַלע לאָקאַלען דאָס איינגעזעהן און די אינטערעסען פון די שעפּער און די אינטערעסען פון די אַרבייטער פון דעם דיסטריקט זיינען פאַר זיי געשטאַנען העכער ווי די פּאָליטישע מאָטיוון פון פּאָליטישען פּאַטראָנאַזש וואָס לאָקאַל 117 האָט געוואָלט געבען צו איינעם פון אירע מעמבערס. דאָס איז געווען די אמת'ע אורזאַכע וואָס די דזשאָינט באָארד דעלעגאַטען האָבען געשטימט פאַר טשאַרלס אראָנסקי און ניט פאַר באַגנאַ'ן. און אויב קאַפּלאַן פון לאָקאַל 117 וויל פון דערינגען מאַכען אַן אישו אום צו פאַרדרייען, צו פאַרקלאָפּען די מוחות פון די וועלכע האָבען אים ערוויילט, און צו די וועמען ער האָט געגעבען א סך צוזאָגען און ער קאָן נאָך דערווייל ניט „דעליווערען" איז דאָס פאַלש און איבערטריבען.

מיר זיינען נאַטירליך זייער צופרידען צו זען די פריינדליכע שטעלונג און די פריינדליכע באַציאונג פון קאַטערס לאָקאַל 10 צו דעם אָפּערייטאָרס לאָקאַל 117. מיר האָפען נאָר, אז דורך זייערע פריינדליכע און נאָענטע באַציאונגען איצט וועט די אַלטע אישו פון לאָקאַל 117 פון די קאָטינג דעפּאַרטמענטס קאָנען איצט געלייזט ווערען.

אין קורצען רעזומירען מיר פאָלגענדעס: אז מיר קאָנען זיך ניט אָפּשטעלען אויף די אַלע ניט-אמת'ן, פאַלשקייטען און איבערטרייבונגען וואָס עס איז געווען אין דעם סטייטמענט. עס איז ניט ווירדיג פאַר אונז צו ענטפערען אויף די אַלע פּערזענליכע אַטאַקעס וואָס זיינען אויף אונז געמאַכט געוואָרען. מיר ווילען פאַרזיכערען אַלע קלאָוק אָפּערייטאָרס, אז ניט די דזשאָינט באָארד און ניט די אַנדערע לאָקאַלס און ניט איך פּערזענליך האָבען עפּעס געגען זיי און אז מיר ווילען ניט אין קיין פאַל זיי מיט ער-

# פיר יאר קלאוקמאכער יוניאן אין וויניפעג

פון ס. הערבערט
מענעדזשער לאקאל 216



יט איבער פיר יאר צוריק, אין יוני, 1935, האט פרעזידענט דובינסקי מיך געשיקט פון ניו יארק קיין וויניפעג, איך זאל אויספארשען אויב עס זיינען פאראן מעגליכקייטען צו ארגאניזירען דא א קלאוקמאכער'ס יוניאן. איך האב אים פארזיכערט, אז איך וועל ניט צוריקקומען קיין ניו יארק ביז איך וועל ניט דערפילן די שליחות וואס ער האט מיר אנפארטרויט. עס האט מיר געדויערט פיר מאנאטען און איך האב געגרינדעט א יוניאן אין וויניפעג פון ארום זיבען הונדערט קלאוקמאכער. גלייכצייטיג האב איך עטאבלירט אן אסאסיאיישאן פון אלע קלאוק מאנופעקטשורערס אין שטאט אונטערצושרייבען א קאלעקטיווען אגרימענט. דער קאמף איז געווען א ביטערער. די אויפגאבע א שווערע. באשרייבען די קאמפען, וואס מיר האבען דורכגעמאכט מיט דעטאלען, איז ניט מעגליך אין א קורצען ארטיקעל. איך וועל זיך דעריבער באנוגענען מיט א קאנדענסירטען באריכט.

וואס האט די יוניאן דערגרייכט אין פיר יאר?

די ערשטע העכערונג אין ווידזשעס איז געווען 5, 10 און 15 פראצענט אין אקטאבער 1935, ווען די יוניאן האט אונטערגעשריבען איר ערשטען אגרימענט מיט די באלעבאטים.

א יאר שפעטער, אין יולי, 1936, זיינען די ווידזשעס פון קלאוקמאכער צום צווייטען מאל געהעכערט געווארען מיט 5, 10 און 15 פראצענט. אין יוני, 1937, ווען דער אגרימענט איז באנייט געווארען, האבען די קלאוקמאכער צום דריטען מאל געקראגען א העכערונג אין זייערע ווידזשעס אויף 5, 10 און 15 פראצענט. איצט האט די יוניאן ווידער באנייט איר אגרימענט מיט די באלעבאטים, דאס מאל אויף צוויי און א האלב יאר און די יוניאן האט געקראגען א העכערונג פון איין דאלאר א וואך פאר יעדען ארבייטער אין דער אינדוסטריע. איינער פון די פונקטען אין אונזער נייעם אגרימענט איז — די עטאבלירונג פון א „מינימום ווידזש סקייל" (וואס איז שוין, אגב, קאמענטירט געווארען עדיטאריעל אין אונזער ארגאן „גערעכטיגקייט"), פאר אלע ברענטשעס פון דער אינדוסטריע. אויסער די אלגעמיינע העכערונגען אין שכירות, זיינען אויך געווען פאלען פון אינדיווידועלע העכערונגען. אין פארלויף פון די פארגאנגענע פיר יאר, פאר פינף הונדערט קלאוקמאכער, וואס האבען בעטראפען צו צוויי, דריי און פיר דאלאר א וואך.

ווען מען רעדט וועגען די העכערונגען אויף די שכירות, מוז מען האבען אין זינען, אז די קלאוקמאכער אין וויניפעג ארבייטען אויף א וואך־ארבייט באזיס. העכערונגען וואס ווערען געגעבען אויף שטיק־ארבייט ווערען צייטענווייז פארלארען ביים סעטלען פרייזען אויף נייע סטיילס. א העכערונג אויף די ווידזשעס פאר וואך ארבייטער פארבלייבט.

ארבייטס באדינגונגען פריהער און איצט

איידער אונזער יוניאן איז געגרינדעט געווארען אין וויניפעג, האבען די קלאוקמאכער דא געארבייט „גאט'ס שטונדען". 70 שטונדען ארבייט א וואך איז געווען א געוויינליכע זאך. קלאוקמאכער האבען שוין אפילו אויפגעהערט רעדען וועגען דעם. עס איז שוין געווען אריין אין בלוט פון דער אינדוסטריע. איצט ארבייטען אונזערע קלאוקמאכער 40 שטונדען א וואך. דאס הייסט, אז זינט די יוניאן איז דא געגרינדעט געווארען זיינען די ארבייטס־שטונד'ען געשניטען געווארען כמעט אויף א העלפט און די שכירות פאר די קלאוקמאכער זיינען געשטיגען פופציג פראצענט. און די אלע דערגרייכונגען זיינען געוואונען געווארען אן סטרייקס, נאר אויף א פרידליכען אופן. די מיטגלידער פון אונזער לאקאל יוניאן זיינען זייער צופרידען פון די אלע דערגרייכונגען און זיי שעצען הויך די ארבייט און אויפטו פון זייער אינטערנעשאנאל יוניאן.

⁂

אונזער לאקאל האט אין פארלויף פון די פארגאנגענע פאר יאר זיך אויך אפגעגעבען מיט בילדונג־טעטיגקייטען צווישען די קלאוקמאכער. לעקציעס ווערען געלייענט פון אנגעזעהענע מענשען אין שטאט, אויף פארשיידענע טעמעס. אונזער לאקאל האט איצט געבראכט אהער, אויף דער רעקאמענדאציע פון ברודער פערלשטיין, א בילדונגס־דירעקטאר, מיס קעטרין הארט, פון סט. לואיס, וועלכע וועט איצט אנפירען די בילדונגס־טעטיגקייטען פון אונזער לאקאל.

אויפ'ן ספארט־געביט האבען מיר בעיס באל טימס, און מיר האבען אויך גרופעס פאר באולינג און סווימינג.

⁂

דער פינאנציעלער צושטאנד פון אונזער לאקאל יוניאן איז גוט. ניט געקוקט אויף דעם, וואס די הוצאות זיינען באדייטענדיג, האבען מיר עטלאכע טויזענט דאלאר אין קאסע. דאס איז א באווייז, אז די מיטגלידערשאפט־דיוס איז פולשטענדיג באצאלט ביז היינטיגען טאג. די קלאוקמאכער פילען ביי זיך, אז ווען זיי צאלען זייער דיוס צו דער יוניאן איז דאס ביי זיי ניט קיין „עקספענס", נאר אן אינוועסטמענט. פיר יאר געשיכטע פון דער יוניאן אין וויניפעג האט זיי איבערצייגט אין דעם.

⁂

איך מוז דא זאגען, אז ברודער לאנגער האט מיר געהאלפען, אין אנפאנג ביי דער גרינדונג פון דער יוניאן, דורכצופירען די ארבעט. צו די פארהאנדלונגען ביים אגרימענט, וואס איז לעצטענס אונטערגעשריבען געווארען מיט די באלעבאטים, האב איך געבעטען אונזער פרעזידענט דובינסקי, ער זאל אזוי גוט זיין, מיר שיקען ברודער פערלשטיין ארויסצוהעלפען מיר אין דער ארבעט.

ביי דער געלעגענהייט וויל איך אויסדריקען א הארציגען דאנק צו ברודער פערלשטיין אין נאמען פון די וויניפעגער קלאוקמאכער, ווי אויך מיין פערזענליכען דאנק צו אים פאר זיין זייער פעהיגער מיטהילף.

⁂

פאר די לעצטע עטליכע יאר איז עס געווען זייער א שווערע אויפגאבע צו ארגאניזירען די וויניפעגער דרעסמאכער. ווייל עס זיינען געווען ניט גענוג דרעסמאכער אין טרייד. כמעט אלע דרעסעס פאר וויניפעג און די אנדערע פראווינצען פון וועסטערן קאנאדע ווערען צוגעשטעלט פון די איסטערן מארקעטס — טאראנטא און מאנטרעאל. ענדליך איז מיר געלונגען צו ארגאניזירען די גרעסטע קאטען דרעס־שאפ אין וויניפעג, וואס באשעפטיגט אכציג ארבעטער. אן אגרימענט איז אונטערגעשריבען געווארען פון א קלאוזד יוניאן שאפ. די יוניאן מיטגלידער האבען געקראגען א העכערונג אין זייערע ווידזשעס פון צוויי און דריי דאלאר א וואך. צווישען די 80 ארבעטער אין שאפ געפינט זיך בלויז איין אידיש מיידעל. זיי זיינען אלע דאנקבאר דער יוניאן; זיי צאלען זייערע „דיוס" רעגעלמעסיג און זיי זיינען זייער צופרידען צו זיין מיטגלידער אין דער פארוויגטער משפחה פון אונזער אינטערנעשאנאל יוניאן. די עטליכע קלענערע דרעס־שאפס וועלען האפענטליך אין גיכען יוניאניזירט ווערען. אין וויניפעג זיינען אויך פאראן 125 ניט־גודס ארבייטער. איצט הויב איך אן צו ארבעטען צו ארגאניזירען די ניט־גודס ארבעטער אין א יוניאן. די אויסזיכטען אריינצונעמען זיי אין דער יוניאן, וואלט איך געזאגט, זיינען גוט.

אונזער יוניאן איז איינע פון די שטארקסטע ארבעטער ארגאניזאציעס אין שטאט. אונזער קלאוקמאכער לאקאל האט שוין בייגעשטייערט א היפשע סומע געלט פאר פארשיידענע צוועקען. צווישען אנדערע: פיר הונדערט דאלאר צו דעם שפאנישען הילף קאמיטעט, און גאר לעצטנס — הונדערט דאלאר צו ברודער יעקב פאט פאר הילף צו די אידען אין פוילען, וואס שליסט איין די ציש"א שולען, קאמף געגען פאשיזם און אנטיסעמיטיזם א. אז. וו.

⁂

דער פרעסטיזש פון אונזער יוניאן שטייט אויף א גאנץ הויכער מדרגה אין וויניפעג, ווען מען נעמט אין באטראכט דעם פאקט, וואס ניט געקוקט אויף דעם וואס איך בין אן אמעריקאנער בירגער בין איך אויסגעקליבען געווארען פון דער רעגירונג אלס מיטגליד פון דער עקזעקוטיוו באארד פון דעם לערנען מלאכות־פראיעקט. אונזער אינטערנעשאנאל יוניאן ווערט רעספעקטירט פון אלע קלאסען מענשען.

⁂

הונדערטער ארבעטער פון אנדערע אינדוסטריען קומען צו אונז אין אפיס און זיי בעטען אונז, מיר זאלען זיי העלפען צו ווערען ארגאניזירט אין אונזער אינטערנעשאנאל יוניאן. איך בין אבער געצוואונגען אפצוזאגען זייערע בקשות, אויפ'ן גרונט, וואס אונזער אינטערנעשאנאל נעמט ניט אריין אלע מינים אינדוסטריען אין דער יוניאן.

אלע נאדעל פאכען אין וויניפעג זיינען ארגאניזירט. די יונייטעד גארמענט ווארקערס יוניאן האט 900 ארבעטער. עס איז דא אויך פאראן א קעפמייקערס לאקאל. איך טו אלצדינג, אין די גרעניצען פון מעגליכקייטען, צו העלפען גרינדען אזעלכע יוניאנס דא, און ווען געגרינדעט — אנצוהאלטען דעם פרעסטיזש, לויט דער געהעריגער מאס. די דאזיגע ארבעט טו איך אויף דער בקשה פון אונזער ברודער פרעזידענט דובינסקי.

⁂

איידער איך פארענדיג וויל איך זיך נעמען די פריווילעגיע אויסצודריקען א דאנק צו דעם רעקארדינג סעקרעטאר, צו דעם פרעזידענט פון אונזער יוניאן און צו דער עקזעקוטיוו באארד פאר זייער פעאיקער קאאפעראציע אין אנפירען מיט דער ארבעט. אויך א דאנק צו דער סעקרעטארין אין אפיס, מיס רעי לעווין, פאר איר פיינער קאאפעראציע.

א באזונדער דאנק צו אונזער פרעזידענט דובינסקי, פאר זיינע קלוגע און נוצליכע עצות, ווען איך נויטיג זיך אין זיי. איך טו ניט קיין זאך אן זיין ראט, און דאס האט געמאכט אונזער לאקאל פאר איינעם פון די פיינסטע אין קאנאדע.

⁂

די וויניפעגער קלאוקמאכער, אזוי גוט ווי דער שרייבער פון דעם ארטיקעל, האבען מיט גרויס אינטערעס געלייענט דעם עדיטאריעל „דער זיג פון דער קלאוקמאכער יוניאן אין וויניפעג", אין אויגוסט נומער "גערעכטיגקייט". מיר טוען פייערליך פארשפרעכען אונזער באליבטען ארגאן, אז מיר וועלען אויך ווייטער פארטזעצען צו בויען אונזער לאקאל יוניאן אויף אזא אופן, וואס זאל נאך מער פארשטארקען אונזער פרעסטיזש און דעם צוטרוי פון דער „גערעכטיגקייט" צו אונז אלס גוטע פארוואלטער און יוניאן לייט.

---

## טרויער רעזאלוציע

מיר, די בלאק און בילדינג טשערלייס, דריקען אויס טרויער אויפ'ן פריצייטיגען טויט פון אונזער חבר, ברודער און אקטיווען מיטגליד פון פאטראל דעפארטמענט איב בליאווסקי. מיר שיקען אויך אונזער טרייסט צו דער פאמיליע אויף זייער גרויסען פארלוסט.

„עהרע זיין אנדענקונג!"

רעזאלוציאנס קאמיטע: קאטעל, ריינמענט, רודין פון לאקאל 117, סאקאפסקי, לאק. 9, ראבינאוויץ, לאק. 10, ליוואי, לאק. 23, וואסערא, לאק. 48, באגאנאווסקי, לאק. 9.

---

וואס שעדיגען, און מיר זיינען זיכער געגען די מעטאדען פון אגרעסיוון אין לאקאל געגען צווייטען אז עס זאל ווערען א ברודער קריג אין דזשאינט באארד. פונקט פארקערט, מיר האפען אז די אפערייטארס וועלען זיין לאיאלע יוניאן לייט און וועלען זיין. שטארקע אנהענגער פון דער יוניאן און פון דער נייער אדמיניסטראציע, אבוואל אין פילע פאלען זיינען מיר מיט דער אדמיניסטראציע ניט געווען איינפארשטאנען. אבער מיר גלויבען אז ווען יוניאן לייטע זיינען לאיאל, ארבייט דאס צו די בעסטע אינטערעסען פון דער יוניאן בכלל און פון די מעמבערס בפרט. און מיר שטרייכען אונטער אז מיר זיינען זיכער דאגעגען פון קריגען זיך און ארומרייסען זיך. מיר האבען זיך גענוג געריסען און מיר האבען זיך גענוג געשלאגען. מיר האבען געהאט אונזערע לעסאנס און מיר האבען טייער באצאלט דערפאר. און דערפאר ווילען מיר דאס ניט פראקטיצירען אין דער צוקונפט.

די דזשאינט באארד האט פאר די לעצטע מאנאטען אנגענומען אן אגרעסיווע פאליסי צו דעם טרייד סיי אין באצוג צו קאנטראל און סיי אין סיסטעם און סיי אין דורכפירען דעם אגרימענט. דאס איז א שווערע ארבייט דורכצופירען און דאס קען ניט פאסירען אין איין טאג אדער אין איין וואך. עס נויטיגט זיך די אבסאלוטע פאראייניגונג פון אלע ארבייטער אין טרייד. כדי דאס דורכצופירען, האבען מיר גענוג שטערונגען פון די באלעבאטים און פון אנדערע צדדים. נאטירליך איז וויכטיג צו זיין פאראייניגט און ניט צו האבען קיין שטערונגען אין אונזערע אייגענע רייען. מיר האפען אז די קלאוק אפערייטארס, אזוי גוט ווי אלע קלאוקמאכער, וועלען דאס נעמען אין באטראכט און דאס וועט ניט ארבייטער פאר קיינעמס אינטערעסען, נאר פאר זייער אייגענע.

מיט דעם איז דער ענין פאר אונז געשלאסן.

# אינטערנעשאנאל אין קאמף געגען אנטי־יוניאן געזעצע אין קוויבעק

פון ל. גאלדמאן, מאנטרעאל

די דופלעסי רעגירונג אין דער קוויביקער פראווינץ האט זינט זי אריין אין מאכט איינגעפירט א רייע געזעצן, געגען וועלכע א גרויסער טייל פון דער באפעלקערונג פירט אן א שטארקן קאמף.

עס איז א דראמאטישער קאמף, אין וועלכען עס ווערען אריינגעצויגען אלץ גרעסערע שיכטען פון דער באפעלקערונג. פריער האט מען געהאט געמיינט, אז די פרא־פאשיסטישע געזעצן וועלכע די איצטיגע „יוניאן נעשיאנאל"־רעגירונג האט געשאפען וועט אנרירען בלויז די שטאטישע ארבעטער וועלכע זיינען ארגאניזירט אין אינטערנעשאנאל יוניאנס. צו אנדערע שיכטען פון דער באפעלקערונג, האט מען גערעכנט, וועט די רעגירונג פון פרעמיער דופלעסי זיין ניט שלעכט. איצט ווייזט זיך ארויס, אז זיינע רעאקציאנערע פאליסיס טויגען ניט פאר קיינעם אויסער פאר די קלענערע גרופעס פון רעאקציאנערען און פון דער פינאנציעלער אריסטאקראטיע. געגען פרעמיער דופלעסי האט זיך אזוי ארום אנטוויקעלט א שטארקע געגנערשאפט אין די גרעסערע שטעט און שטעטלאך פון דער פראווינץ און זיין איינפלוס און פאפולאריטעט איז שטארק געפאלען.

פרעמיער דופלעסי איז געקומען צו דער מאכט דורך א צופאל. א לאנגע צייט איז ער געווען דער פירער פון א קליינער אפאזיציע־פארטיי אין קוויבעקער לעדזשיסלייטשור. זיין קליינע פארטיי האט שוין פשוט געג'גוסס'ט. פלוצים האט זיך פאר אים געמאכט א גליקלאכער צופאל. די ליבעראלע פארטיי, וועלכע האט פאר צענדליגע יארען געהערשט אין קוויבעק, האט זיך צוליב אינערליכע מחלוקת'ן צושפאלטען. איין טייל, די איינגערע און די מיליטאנטישע, האט זיך פאראייניגט מיט דער קליינער אפאזיציע פון מר. דופלעסי. צוליב דער פאראייניגונג האט מען געביטען דעם נאמען פון דופלעסי'ס אפאזיציע־פארטיי, וואס איז געווען די אלטע קאנסערוואטיווע פארטיי, צו „יוניאן נעשיאנאל". מיט דער הילף פון אט די רעבעלירענדע ליבעראלען האט מר. דופלעסי געוואונען רעגירונגס־מאכט אין דער פראווינץ.

פאר'שכור'ט פון זיין גרויסען זיג האט מר. דופלעסי זיך באלד גענומען שאפען נייע געזעצן כדי צו באפעסטיגען זיין פאזיציע און בכדי צו אויסנעמען אין די אויגען פון דער קאטוילישער קירכע און פון גרויס־קאפיטאל. די קאטוילישע קירכע דאמינירט שטארק די קאנאדיש־פראנצויזישע באפעלקערונג פון דער פראווינץ.

כדי צופרידענצושטעלען די קאטוילישע פירער, האט פרעמיער דופלעסי באשלאסען צו שאפען אזעלכע געזעצן וואס זאלען אונטערגראבען די עקזיסטענץ פון די אינטערנעשאנאל יוניאנס און איבערלאזען די קוויבעקער ארבעטער בלויז צו די קאטוילישע סינדיקאטען וועלכע ווערען געפירט אונטער דעם איינפלוס פון גלחים. די קוויבעקער לעדזשיסלייטשור האט טאקע אזעלכע געזעצן דורכגעפירט, אבער אנגעווענדט אין לעבען האט מען זיי נאך ניט. די רעגירונג וויל עס איצט אנווענדען און זי האט ווענען דעם געמאכט א „טעסט־קייס" אין געריכט, און טאקע מיט דער א. ל. ג. וו. יוניאן. זי האט אנגעקלאגט דעם מאנטרעאלער מענעדזשער פון אונזער אינטערנעשאנאל, בערנארד שעהן, פאר אנווענדען דעם „קלאוזד שאפ"־פרינציפ געגען אן ארבעטער וואס האט ניט געוואלט זיין קיין מיטגליד פון דער יוניאן. לויט די נייע געזעצן, איז דער פרינציפ פון „קלאוזד שאפ" פארבאטען.

די זעלבע רעגירונג האט אויך געשאפען דעם „פעדלאק"־געזעץ געגען קאמוניזם. דאס איז א געזעץ וואס גיט דער פאליציי די מאכט צו פארזיגלען א הויז פאר א יאר צייט אויב אין דער דאזיגער הויז ווערט אנגעפירט קאמוניסטישע טעטיגקייט. קיין פראצעס איז ניט נויטיג. עס איז אויך ניט נויטיג צו דעפינירען, וואס איז שוינס „קאמוניזם". די דעפיניציע ווערט איבערגעלאזט צו די פאליסליים.

ווען די רעגירונג האט געשאפען די אנטי־יוניאן געזעצן האט זי זיך צוגעאיילט מיט גרינדען אזא אפאראט וואס זאל איבערנעמען די פונקציעס פון די עקזיסטירענדע יוניאנס. דאס זיינען די „פעיר־ווידזש באארדס". דאס זיינען קערפערשאפטען וועלכע דארפען אכטונג געבען, אז די רעגירונגס־ארדינאנצען וועגען לוין און שטונדען זאלען אפגעהיט ווערען. צו אויפהאלטען אט די קערפערשאפטען איז נויטיג ארויפצולעגען א געוויסען שטייער אויף די אינדוסטריעס וואס זאל איינגעמאנט ווערען דורך די ארבעטס־געבער. דאס גיט דער רעגירונג א געלעגענהייט ניט בלויז צו שאפען איר אייגענעם „ארבעטס־פראנט", וואס זאל אכטונג געבען, אז די ארבעטער זאלען ניט פארלאנגען צופיל, אז קיין סטרייקס און „סטאפעדזשעס" זאלען מער ניט פארקומען, נאר עס גיט איר אויך א געלעגענהייט צו באזארגען מיט דזשאבס א היפשע צאל פאליטישענס פון דער יוניאן־נעשיאנאל פארטיי און אירע פריינד.

פונדעסטוועגען זיינען די ארבייטס־געבער ניט באגייסטערט פון אט די „טובות", וואס פרעמיער דופלעסי וויל זיי טאן. זיי וואלטען זיכער וועלען, אז דופלעסי זאל אונטערדריקען אינטערנעשאנאל יוניאנס, אבער זיי האבען מורא פאר זיין פרא־פאשיסטישען „ארבעטס־פראנט", פאר די „פעיר־ווידזש" באארדס, און ווען די דאזיגע שורות ווערען געשריבען גייט אן א סכסוך צווישען דער רעגירונג און די מיטגלידער פון דער „קענעדיען מאנופעקטשורערס אסס'ן". די לעצטע האט אנגענומען א באשלוס ניט צו צאלען דעם טעקס פאר די פעיר־ווידזש באארדס.

די קעיס, וואס די רעגירונג האט פארפירט געגען דעם מענעדזשער פון דער א. ל. ג. וו. יוניאן צו „טעסטען" דעם געזעץ געגען „קלאוזד שאפ" איז נאך ניט געענדיגט. עס איז איבעריג צו זאגען, אז אין דער דאזיגער טעסט־קייס איז פאראינטערעסירט די גאנצע טרייד־יוניאן באוועגונג פון קאנאדע.

אויף דעם געביט פון „איינשטעלען פרייזען" ווערט אויך אנגעפירט א קאמף דורך די געריכטען, און אויף אט דעם געביט האט די רעגירונג פארלוירען. דער סופיריאר געריכט האט אנטשיידעט צו גונסטען א שוך־ריפיירינג פירמע וועלכע האט זיך ניט געוואלט אונטערווארפען די ארדינאנצען פון דער רעגירונג אויפ'ן גרונד וואס זיי זיינען ניט קאנסטיטוציאנעל.

פרעמיער דופלעסי האט אנגעהויבען שטארק פילען, אז זיינע פרא־פאשיסטישע געזעצן האבען ניט פארשטארקט זיין פאזיציע אין פראווינץ, נאר אפגעשוואכט זי. זוכט ער איצט פארשיידענע וועגען ווי ארויסצודרייען זיך פון דעם חשד, אז ער איז פאשיסטיש געשטימט. דערפאר האט מען לעצטענס אנגעהויבען הערען פון אים זייער אפט פארשיידענע דערקלערונגען געגען פאשיזם און נאציזם. פאר א משך פון איניגע יאר האט מען פון אים ניט געקענט ארויסקריגען קיין איין ווארט געגען נאציזם און געגען היטלער'ן. איצט פראקלאמירט ער זיך שוין אלס אנטי־נאצי. דאס גראדע איז ניט שלעכט. פאר די אידען פון מאנטרעאל איז דאך זיכער אנגענעם וואס דופלעסי שיקט זיינע פאליסליים „רעידען" א נאצישען קלוב בעת מען ווייזט דארט א היטלעריסטישע פילם. דאס, ווערט דא אנגענומען, איז א רעזולטאט פון דעם קאמף וואס איז אנגעפירט געווארען געגען אים אין די לעצטע פאר יאר, א קאמף געגען רעאקציע און פאשיזם. דער קאמף איז, נאטירלאך, נאך ניט געענדיגט.

# יוניאן נאטיצען פון באלטימאר

פון סעמיועל קאפלאן
מענעדזשער דזשאינט באארד

דער ווינטער סעזאן אין באלטימארער קלאוק מארקעט איז אין פולען גאנג. כאטש שטארק ביזי איז ניט.

מיר האבען דא ניט די פראבלעם פון ארבייטסלאזע קלאוקמאכער, דערפאר אבער פעלט אונז ניט קיין ספעציעלע שאפ־מיטינגס מיט ספעציעלע עקזעקוטיוו באארד מיטינגען צו פארהאנדלען סכסוכים, פאראורזאכט דורך די באלעבאטים און זייערע אלטע און נייע „סקימס" ווי אויסצודריי'ען זיך פון געסעטעלטע פרייזען אויף די גארמענטס.

מיר וועלען פרובירען פארצייכענען עטליכע נאטיצען פון אונזער יוניאן־טעטיגקייט אויף דעם געביט. מיר וועלען אנפאנגען פון זעלדינג'ס שאפ, אייגער פון די עלטסטע יוניאן מאנופעקטשורערס, וואס באשעפטיגט נאענט צו 150 ארבייטער.

מיר האבען געמוזט סטאפען דעם גאנצען שאפ פאר א פולער וואך צייט, אום צו איבערצייגען מר. זעלדינגען, אז ווער עס זאל זיין אין דער שאפ פרייז־קאמיטע איז ניט דעם באלעבאס' עסק; אז עס איז די פולע רעכט פון די ארבייטער צו ערווילען וועמען זיי געפינען פאר נויטיג. מיר האבען ביי דער געלעגענהייט געמאכט א פולע ריאדזשאסטמענט פון די געסעטעלטע פרייזען צו דער צופרידענהייט פון די ארבייטער און האבען אויך בדעה צו נעמען מר. זעלדין צו ארביטריישאן וועגען א „דזשענטעלמענס אגרימענט", וואס ער האט ניט געהאלטען. די יוניאן פילט, אז אונזער גערעכטע טענה וועט מאכען מר. זעלדינגען צו באצאלן בעק־פעי צו די ארבייטער.

אין „גערעכטיגקייט" איז שוין געווען באריכטעט וועגען אונזער זיג צו צווינגען די ס. קאהען פירמע ווידער צו עפענען דעם שאפ אין טשעמבערסבורג. פא., פארשטייט זיך, אז די יוניאן איז אויף דער וואך ניט צו דערלאזען, אז די פירמע זאל אויסנוצען דעם באלטימארער און קאנטרי שאפ אלס א בייטש איינער געגען צווייטען. מיר זעהען, אז ארבייט זאל געשיקט ווערען אין ביידע שעפער אן דיסקרימינאציע, ווי אויך אז די געסעטעלטע פרייזען זאלען אפגעהיט ווערען.

באריכטען פון די קאנדישאנס און ארבייטס באדינגונגען אין די 5 שעפער פון דער לואיס מארקוס קארפ. אין יארק און העריסבורג, פא., און אין באלטימארער דריי שעפער זיינען זייער גוטע. דער אגרימענט ווערט ווי געהעריג אפגעהיט פון אלע צדדים.

אן אויסנאם איז די אמעריקען קלאוק קא. אין שאפ האט די פירמע אין באלטימאר, איז עס א יוניאן־שאפ. א צווייטען שאפ האט די זעלבע פירמע אין וועסטמינסטער, מערילענד. עס איז א קליין שטעטעלע מיט א „טשעמבער אוו קאמערס", וואס לעגט זיך אין דער לענג און אין דער ברייט צו „באשיצען" די בירגער פון וועסטמינסטער, אז קיין יוניאן זאל זיי חלילה ניט אנשטעקען מיט דעם פארלאנג פון ארבייטען ווי מענשען און קריגען באצאלט ווי ארגאניזירטע ארבייטער.

איצט א פאר ווערטער וועגען באלטימארער דרעס שעפער.

די „העריס" און „איגעל" שעפער ארבייטען אין פולען גאנג. דער דרעס לאקאל נומער 106 איז אונזער באלטימארער גרעסטער, רייכסטער און באמת בעסט פונקציאנירענדער לאקאל אויף אלע געביטען פון יוניאן־טעטיגקייט. הלואי וואלט מען עס געקענט זאגען אויף די אנדערע לאקאלען. ספעציעל האבען מיר אין זינען צוויי פון די ניי־געגרינדעטע לאקאלען, אויף וועלכע וויים־פרעזידענט קריינדלער האט זיך ניט איינמאל אנגעשטעלט אין זיינע רעדעס צו אונזער באלטימארער דזשאינט באארד, אז זיי מוזען און דארפען פאראייניגט ווערען אין איין לאקאל.

לאמיר דא אויסדריקען די מיינונג פון אונזער דזשאינט באארד, דעם באשלוס, בעסער געזאגט; ווי אויך די אויפריכטיגע מיינונג פון די אקטיווע מיטגלידער פון אונזערע באלטימארער 6 לאקאלען, און מיין אייגענע מיינונג; אז פרעז. דוד דובינסקי האט געדארפט זיך באנוצען מיט דער פולמאכט, וואס איז אים געגעבען געווארען פון דער גענעראל עקזעקוטיוו באארד און ארויסגעבען א טשארטער פאר א פרעסערס לאקאל אין באלטימאר.

די באלטימארער פרעסערס זיינען אויסגעצייכענטע יוניאן־סאלדאטען. א לאקאל פון קלאוק פרעסערס וואלט געווען זייער ווינשענסווערט פאר'ן טרייד און פאר דער יוניאן, ספעציעל יעצט ווען די אינטערנעשאנאל איז גרייט אנצופאנגען א קאמפיין אין דער קאטען גארמענט אינדוסטריע דא אין באלטימאר. וואלטען די פרעסערס פאראייניגט אין איין לאקאל געווען א קאנסטרוקטיווע הילף פון יוניאן־אקטיוויטעטס.

# פּראַכטבאַרער יאָר טעטיגקייט פון אונזער בילדונגס דעפּאַרטמענט

אין דעם באריכט, וואָס דער בילדונגס דעפּאַרטמענט פון דער אינטערנעשאָנאַל האָט פאַרעפענטליכט וועגן דער טעטיגקייט זיינער דורך דעם יאָר 1938—1939, ווייזט אָן דער דירעקטאָר, ברודער מאַרק סטאַר, אויף דער פּראַכטבאַרער אַרבייט וואָס איז אויפגעטאָן געוואָרען. 16,023 סטודענטען האָבען דעם יאָר באזוכט די 653 וועכענטליכע קלאַסען, וואָס דער דעפּאַרטמענט האָט דורכגעפירט. דאָס איז מיט 33 קלאַסען מער ווי לעצטעס יאָר. אין די קלאַסען איז איינגעשלאָסען 262 קורסען איבער אַרבייטער פּראָבלעמען, פּאַרלאַמענטאַרישע רעגולאַציעס, רעדנער קלאַסען, שפּראַך קורסען, געשיכטע און סטרוקטור פון דער אינטערנעשאָנאַל געשיכטע פון דער אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג און ליפענדע פּאַסירונגען. 74 דראַמאַטישע קרייזלאַך, 98 גימנאַסטישע גרופּען, 55 בייסבאָל און בעסקעט באָל טימס, 110 גרופּען פאַר כאָר־געזאַנג און אינסטרומענטאַלע מוזיק און 54 טאַנץ־קלאַסען זיינען אָנגעהאַלטען געוואָרען. די אָרגאַניזירטע טעטיגקייטען אויפ׳ן בילדונג־ און פאַרוויילונגס־געביט זיינען אָנגעפירט געוואָרען פון 12 דזשאָינט באָאַרדס און 62 לאָקאַל יוניאָנס אין 59 שטעט פאַנאַנדערגעוואָרפען אין 25 סטייטס און פיר פּראָווינצען אין קענעדע.

צווישען די וויכטיגסטע נייאיגקייטען אין דער בילדונגס טעטיגקייט דורך דעם לעצטען יאָר איז געווען, די פּראַקטישע אָנווענדונג פון אַרבייטער בילדונג אויף אויסבילדען קאַנדידאַטען פאַר יוניאָן עמטער דורך ספּעציעלע קורסען וואָס זיי מוזען דורכמאַכען; אַ שטאַרקע פאַרגרעסערטע צאָל פון „רעוויוס״ דורך דעם איינפלוס פון דעם דערפאָלג וואָס „פּינס און נידעלס״ האָט געהאַט אין ניו יאָרק און אין די אַנדערע שטעט איבער׳ן לאַנד און דער אַמביציעזער אויפטריט פון די כאָרען און אָרקעסטערס אונזערע אין קאַנצערט אין קאַרנעגי האָל אין חודש מערץ. די צאָל צייט־שריפטען, פּאַמפלעטען פאַר סטודענטען, קאָנספּעקטען, לידער־ביכלאַך און ענליכע אויסגאַבען איז פאַרגרעסערט געוואָרען צו 75 און איז באַנוצט געוואָרען ניט נאָר פון אונזערע מיטגלידער און קלאַסען נאָר אויך פון אַנדערע יוניאָנס.

פיר זומער קורסען פון פינף טעג ביז צוויי וואָכען יעדע איז דורכגעפירט געוואָרען אין דער האַדסאָן שאָר לייבאָר סקול אין וועסט פּאַרק, ניו יאָרק, און אין דער „סקול פאַר וואָירקערס״, וויסקאָנסין אוניווערזיטעט. פיר סקאָלערשיפּס זיינען געגעבען געוואָרען צו אונזערע מיטגלידער אין דער סאַוטהערן סאָמער סקול און אין דער „פּאַסיפיק קאָוסט סקול פאַר וואָירקערס״.

# איצט איז עס אונזער ארבייט

פון פּאָולין מ. ניומאַן
יוניאָן העלטה סענטער

די רעזולטאַטען פון די עקס רעי אונטערזוכונגען, וואָס די דזשאָינט באָאַרד פון דער דרעסמאַכער יוניאָן און די נעגליזשי אַרבייטער יוניאָן לאָקאַל 62 האָבען דורכגעפירט פאַר זייערע מיטגלידער, הויבען שוין אָן אַריינצוקומען אין יוניאָן העלטה סענטער. כאָטש די אונטערזוכונגען פון די מיטגלידער איז נאָך ווייט ניט פאַרענדיגט, ווייסען מיר שוין פון אַ צאָל מיטגלידער וואָס זיינען אָנגעשטעקט מיט דער פּראָלעטאַרישער קראַנקהייט — טובערקולאָזיס. מאַנכע זיינען קלאַסיפיצירט אַלס „מעגליכע טובערקולאָז קראַנקע״; ווידער אַנדערע האָבען די קראַנקהייט אין אַ פאַרהאַלטענעם צושטאַנד און דאַרפען זיין אונטער דער אויפזיכט פון אַ דאָקטאָר.

דאָס איז אַזוי ווייט ווי טובערקולאָזיס אָנבאַלאַנגט. אין די וועכענטליכע באַריכטען, וואָס מיר דערהאַלטען אָבער פון דעם דעפּאַרטמענט אַוו העלטה, געפינען מיר אויס, אַז אויסער די טובערקולאָזע און אַנדערע לונגען־קראַנקהייטען, זיינען דאָ אַ באַדייטענדע צאָל מיטגלידער וועלכע ליידען פון „האַרץ צושטאַנדען״ און וועלכע ווער לען זיך נויטיגען אין אויפפּאַסונג. אין אַנדערע ווערטער, די אונטערזוכונג איז געווען אַ מין פאַרשפּיל פאַר אַ גרינדליכען פּלאַן צו באַשיצען דאָס געזונט פון אַלע אונזערע מיטגלידער. דער אויסדרוק פון „פאַרמיידונגס מעדיציך״ און זיין פּראַקטישע אָנווענדונג איז איצט אויפ׳ן טאָג־אָרדנונג כמעט אין אַלע אונזערע לאָקאַלס.

ניט־גודס אַרבייטער יוניאָן לאָקאַל 155 האָט אָנגעהויבען איר אונטערזוכונג דעם 16טען אויגוסט. לאָקאַל 117 פאָדערט אויף זיינע מיטגלידער צו באַנוצען זיך מיט דער איינריכטונג אין אָפיס פון דער דרעס דזשאָינט באָאַרד; לאָקאַל 142 האָט געטאָן דאָס זעלבע; לאָקאַל 91 מאַכט איצט אַראַנזשמענטס פאַר זיינע מיטגלידער אונטערזוכט צו ווערען. עס וועט נאָך, אַלזאָ, נעמען אַ לאַנגע צייט ביז אַ באַדייטענדער טייל פון אונזערע אינטערנעשאָנאַל מיטגלידער אין ניו יאָרק, יונגע און אַלטע, וועלען ריכטיג וויסען וואו זיי האַלטען אין זייער געזונט.

די אויפגאַבע פון דער יוניאָן העלטה סענטער איז אַ צווייפאַכע. ער מוז קודם כל זיך גלייך נעמען אַראַנזשירען די באַהאַנדלונג און אויפפּאַסונג פון די „פּאָזיטיווע״ קעיסעס. ער מוז, מיט דער הילף פון די לאָקאַלס אַראַנזשירען פאַר ווייטערע אונטערזוכונגען און, אויב נויטיג, די באַהאַנדלונג פון אַזעלכע פאַלען וואו דער דיאַגנאָז איז ניט זיכער. דאָס זיינען ריין מעדיצינישע אויפגאַבען. אונזער העלטה סענטער האָט אָבער נאָך אַן אויפגאַבע, וועלכע פאָדערט אַ וועלט מיט גדולה, סימפּאַטיע צו די מענשען און אַ פאַרשטענדיגונג פאַר זייערע פּראָבלעמען — די אויפגאַבע צו איבערצייגען דעם פּאַציענט און זיין אָדער איר פאַמיליע, אַז טובערקולאָזיס איז אַ היילבאַרע קראַנקהייט; אַז מיט געהעריגער אויפפּאַסונג אין דער צייט פון און נאָך דער קראַנקהייט, קען דער פּאַציענט געזונט ווערען. דאָס איז אַ שווערע אויפגאַבע, און צייטענווייז פילט זיך איינער פאַרלאָרען צו רעדען מיט די מענשען וועגען דער צוקונפט ווען די ברענענדסטע פראַגע פאַר׳ן קראַנקען און זיין פאַמיליע איז די באַלדיגע פראַגע: „וואָס טוט מען?״; וואו נעמט מען אויף עסען און אַ דאַך איבער׳ן קאָפּ פאַר דער משפחה? דער ענטפער אויף דער פראַגע האָט געדאַרפט געפינען מער פּלאַץ אין אונזערע צייטונגען.



## פאַרהיט אייער געלט

האָט דער בעל־הבית אייערער באַריכטעט צו דער סאָשעל סעקיוריטי באָאַרד די פולע סומע פון אייערע פאַרדינסטען דורך דעם יאָר 1938?

אייער איינקונפט אויף דער עלטער און אייער אַרבייטסלאָזע פאַרזיכערונג הענגט אָפּ פון דער סומע וואָס איז אויף אייך פאַרשריבען, אַז איר האָט פאַרדינט. עס איז דעריבער פאַר אייך וויכטיג צו וויסען אויב אייער פולע פאַרדינסט איז באַריכטעט געוואָרען. דאָס קענט איר אויסגעפינען אויב איר שניידט אויס דעם קופּאָן וואָס איז דאָ געדרוקט, פילט עס אויס און שיקט אריין צו דער סאָשעל סעקיוריטי באָאַרד, קענדלער בילדינג, באָלטימאָר, מערילענד. זיי וועלען אייך צושיקען אַ סטייטמענט וועגען די פאַרדינסטען וואָס אייער בעל־הבית האָט פאַר אייך אַריינגעגעבען.

Account Number ____________________

Date of Birth ____________________
(Month) (Day) Year)

Social Security Board,
Bureau of Old-Age Insurance,
Baltimore, Md.

I am a member of the International Ladies' Garment Workers' Union.

Please send me a statement of the wages credited to my Old-Age Insurance Account for the year or years which I have checked: 1937 ☐ 1938 ☐.

(Print or Type Name and Address in Ink)

Name ____________________

Street and number ____________________

City and State ____________________

Signature (Do not print) ____________________

(The space below to be filled in by Social Security Board)
Statement of Old-Age Insurance Account, as per request:

1937 $ __________ 1938 __________

Social Security Board, Baltimore, Md.


GERECHTIGKEIT
A LABOR JOURNAL
Published every month by the
*International Ladies' Garment Workers' Union*

Office of Publication:
718 Bergen Ave., Jersey City, N. J.
General Office:
3 West 16th St., N. Y. C. Tel. WAtkins 9-6868

DAVID DUBINSKY, President
and General Secretary-Treasurer
DR. B. HOFFMAN, Editor

Subscription price, paid in advance, $1.00 per year.

Vol. XXI. No. 9 September, 1939

Entered as Second Class Matter, August 7, 1919 at Post Office at Jersey City, N. J., under the Act of August 4, 1912. Accepted for mailing at special rate of postage, provided for in Section 1103, Act of Oct. 3, 1917, authorized on Jan. 25, 1919.

GERECHTIGKEIT (*Justice*)

# גערעכטיגקייט

Volume XXI. No. 10. Jersey City, N. J., October, 1939 Price 10 Cents

## ווי די צוויי רויב־פויגלען ברענגען „פרידען" אין פוילען




# צוויי חברים מיט מעסערס...

פון מאני לייב

מאמע ערד, אונזער מאמע פון מאמעס!
פון דיין ברוסט, מיט דער ליבע דערזועלבער,
נערסטו קינדער, צדיקים און כאמעס,
נערסטו מערדער און הייליקע קעלבער, —
יעדער בריאה וואס טרעט דיך מיט פיס.
און דיין מילך איז פאר אלעמען זיס.

זיינען הוליען ארום אויף דער ערד אויף דער ברייטער
צוויי חברים מיט מעסערס — צוויי בייזע פארשוינער,
א דערשרעק טאן די וועלט און די רו פון באוואוינער;
איינער קומט פונ'ם קרעמל — א תליון א רויטער,
און פון רייך קומט דער צווייטער — א מערדער א ברוינער.
און פון זייערע מעסערס צוהוליעטן שטאל
רינט דאס בלוט פון דער וועלט איבער היגל און טאל.

און זיי הוליען, — דאס הוליען דערגרייכט אזש אהער
ביז צום יוניאן — צום רויט־ברוינעם סקווער.

הוליען ביידע חברים אויף פלוינען פון פוילן.
מיט די מעסערס די חברשאפט מער צו פארקניפן;
איז דאס בלוט פון דער וועלט זיי ביז איבער די זוילן,
שטראמט זיי איבער די גארטלען און איבער די ריפען,
שטראמט זיי איבער די גארגלען און איבער די ליפען.
און דאס בלוט פון דער וועלט שטראמט זיי איבער די קעפ
ביז צו הימעלשער. בלויער, פאר'חלומ'טער סטעפ...

און זיי הוליען — דאס הוליען דערגרייכט אזש אהער
ביז צום יוניאן — צום רויט־ברוינעם סקווער.

מאמע ערד, אונזער מאמע פון מאמעס!
פון דיין ברוסט, מיט דער ליבע דערזועלבער,
נערסטו קינדער, צדיקים און כאמעס,
נערסטו מערדער און הייליקע קעלבער, —
יעדער בריאה וואס טרעט דיך מיט די פיס.
און דיין מילך איז פאר אלעמען זיס.